די ווערק פון היינריך היינע אין אַכט בענד מיט
אַ ביאָגראַפיע פון ע. קאַלישער און אַ פאָרוואָרט
פון דר. נ. סירקין, איבערזעצט פון: אייזלאנד ר.,
ביאליק ה. נ., באָראָכאָוויטש, גראס נ., האלפערן
מ. ל., הערבערט ל. מ., לאנדוי ז. ליליפוט, מאני
לייב, עדעלשטאט ד., פרישמאן ד., פרץ י. ל.,
קיסין י., שוואַרץ י. י., שווייד מ., רייזען א.
און ראָלניק י.



היינריך היינע.

זעקסטער באַנד:

# דאָס בוך פון ליעדער.

ארויסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש"
1918 ניו־יאָרק, תרע"ח.

# פאַרעדע צו דער צווייטער אויפלאַגע.

אַט די נייע אויסגאַבע פון דעם „בוך פון ליעדער“ קען איך ניט אַריבערשיקען צום פּובליקום פון יענער זייט רהיין, אז איך זאָל דערביי ניט מיטשיקען מיינע פריינדליכע גערימען, געשריבען אין דער עהרליכסטער פּראָזאַ. איך ווייס ניט וואָס פאַר א וואונדערליכע געפיהלען עס האַלטען מיך אָפּ דערפון מיין פאַרוואָרט צו פערזיפיצירען אין שענע ריטמען, ווי מען פיהרט זיך געוועהנליך, ווען מען גיט ארויס זאַמלונגען פון געדיכטען. שוין א צייט ווי איך האָב א ווידערגעפיהל צו געבונדענע רייד, און ווי איך הער, איז פאַראַן אַן עהנליך געפיהל ביי א טייל פון מיינע צייטגענאָסען. ווי מיר דאַכט זיך, ווערט אין שענע פערזען שוין צופיעל געליגט, און דער אמת האַלט זיך אָפּ, צו ערשיינען אין מעטרישע קליידער.

מיט פאַרלעגענהייט גיב איך איבער פאַר דער לעזער־וועלט, די נייע אויסגאַבע פון אַט דעם בוך. איך האָב זיך לאַנג געשלאַגען מיט דער דעה, צי זאָל איך ארויס מיט א צווייטער אויפלאַגע. איך האָב כמעט א גאַנץ קיילעכדיג יאָהר זיך אלץ געישוב׳ט, איידער איך האָב זיך געקענט באַשליסען עס דורכצוקוקען. ווען איך האָב א קוק געטאָן אויף דעם מאַנוסקריפּט, האָט אין מיר זיך דערוועקט יענע אונצופריעדענהייט, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק באַקלעמט מיין האַרץ מיט צעהן יאָהר צוריק, ביי דער ערשטער אויפלאַגע. דאָס דאָזיגע געפיהל וועט נאָר פאַרשטעהן א דיכטער, אָדער דיכטערלינג, וועלכער זעהט צום ערשטען מאָל אָפּגעדרוקט זיינע געדיכטען. ערשטע געדיכטען! זיי מוזען געשריעבען זיין אויף אָפּגעריבענע בלעטער, דאָ און דאָרטען מוז צווישען זיי ליגען א פאַרוועלקטע בלום, אָדער א בלאָנדע לאָק, אָדער אַן אָפּגעריבען שטיקעל באַנד, און ביי א טייל שטעלען, מוז זיך

נאָך אַנזעהן די שפּור פון א טרעהר... אָבער ערשטע געדיכטען, וואָס זענען געדרוקט, שרייענדיג שווארץ געדרוקט אויף שרעקליך גלאַטען פּאַפּיער, זיי האָבען שוין פארלוירען זייער זיסעסטען מיידעלשען רייץ, און דערוועקען ביים פארפאסער א טרויעריגע שטימונג.

יא, עס איז שוין צעהן יאָהר, פון זינט די דאָזיגע געדיכטען זיינען צום ערשטען מאָל ערשיענען. און איך גיב זיי איצטער, ווי דעמאָלט, אין א כראָנאָלאָגישען סדר, און פאָראויס געהען ווידער די ליעדער, וועלכע זענען געדיכטעט געוואָרען אין יענע יונגע יאָהרען, ווען אין מיין נשמה האָבען געברענט די ערשטע קושען פון דער דייטשער מוזע. אך, די קושען פון דער דאָזיגער גוטער מוזע האָבען פון זינט דעמאָלט פארלוירען א סך פון זייער פייער און פרישקייט! ביי א פארהעלטעניש פון אזוי פיעל יאָהרען מוז דאָס פייער פון די האָניג־וואָכען ביסלעכווייז אויסרויכערן; אָבער די צערטליכקייט איז צייטענווייז געוואָרען נאָך הארציגער. באזונדערס אין די שלעכטע טעג. און דעמאָלט האָט זי מיר ארויסגעוויזען איהר גאנצע ליעבע און געטרייקייט. די דייטשע מוזע! זי האָט מיך געטרייסט אין דער היימישער נויט, איז מיט מיר מיטגעגאַנגען אין גלות אריין, האָט מיך אויפגעהייטערט אין בייזע שטונדען, ווען איך בין געווען אין פארצווייפלונג, און האָט מיך קיינמאָל ניט פארלאָזען. אפילו ווען איך בין געווען אין א געלד־נויט האָט זי געוואוסט מיר צו העלפען. די דייטשע, גוטע מוזע!

און פונקט אזוי ווייניג ווי איך האָב געביטען דעם כראָנאָלאָגישען סדר, פונקט אזוי ווייניג האָב איך געביטען די געדיכטען גופא. נאָר וואו ניט וואו אין דער ערשטער אָפּטיילונג זענען אויסגעבעסערט געוואָרען עטליכע פערזען. צוליעב מאנגעל אין פּלאַץ האָב איך אויסגעלאָזען די ווידמונגען, וואָס זענען געווען געדרוקט אין דער ערשטער אויפלאַגע. דאָך מוז איך דאָ דערמאָנען, אז דאָס לירישע אינטערמעצאָ איז ארויסגענומען פון א בוך, וועלכעס איז ערשיענען אין יאָהר 1823, אונטער דעם טיטול: „טראגעדיען“. און איז געווען געווידמעט צו מיין פעטער סאָלאָמאָן היינע.

דורך יענער ווידמונג האָב איך געוואָלט אויסדריקען די הויך־

כע אכטונג, וואָס איך פיהל צו דעם דאָזיגען גרויסארטיגען מאַן און אויך מיין דאנקבארקייט פאַר דער ליעבע וואָס ער האָט מיר דעמאָלט ארויסגעוויזען. „די היימקעהר“, וועלכע איז ערשיענען אין די „רייזע־בילדער“ האָב איך געווידמעט צו דער פארשטאָר־בענער פריעדעריקע ווארנהאגען פאָן ענזע, און איך דארף זיך באַ־ריהמען, אז איך בין געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט די דאָזיגע גרויסע פרוי פארעהרט דורך אַן עפענטליכער הולדיגונג. עס איז געוועזן אַ גרויסע טאָט פון אויגוסט ווארנהאגען, וואָס ער האָט פארעפענטליכט יענע בריעף, אין וועלכע רחל אנטפלעקט זיך מיט איהר גאנצער פערזענליכקייט. דאָס דאָ־זיגע בוך איז געקומען אין דער רעכטער צייט, ווען עס האָט ווירק־ליך געקענט צום בעסטען ווירקען, שטארקען און טרייסטען. דאָס בוך איז געקומען אין אַ צייט, ווען עס האָט זיך גענויטיגט אַ טרייסט. עס מאכט דעם איינדרוק, ווי רחל וואָלט געוואוסט, וואָס עס ווארט אויף איהר נאָכ׳ן טויט. זי האָט מסתמא געגלויבט, אז עס וועט בעסער ווערען און זי האָט געווארט; דאָך ווען צום ווארּ־טען האָט קיין סוף ניט גענומען, האָט זי אומגעדולדיג אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, האָט אַ קוק געטאָן אויף ווארנהאגען און איז שנעל געשטארבען, — כדי צו קענען אויפשטעהן נאָך שנעלער. זי דערמאָנט מיך אָן דער לעגענדע וועגען דער צווייטער רחל, וועלכע איז אויפגעשטאַנען פון קבר און זיך אוועקגעשטעלט אויפ׳ן וועג און געוויינט, ווען איהרע קינדער זענען פארטריבען געווארען אין גלות אריין.

איך קען ניט טראכטען וועגען איהר און זאָל ניט ווערען טרויעריג. אַ, די ליעבע פריינדין, וואָס האָט מיר אלעמאָל ארויס־געוויזען אזוי פיעל גוטסקייט, און האָט ניט וויניג זיך געשראָקען וועגען מיר, אין יענער צייט פון מיין יוגענדליכען איבערמוט, אין יענער צייט, ווען דער פלאַם פון אמת האָט מיך מעהר דערהיצט ווי באלויכטען...

יענע צייט איז פארביי! איצטער בין איך מעהר באלויכטען ווי דערהיצט. אזא קיהלע באלויכטונג קומט אבער צום מענשען

אלע מאָל צו שפּעט. איך זעה איצטער אין דעם קלאָרסטען ליכט די שטיינער, ביי וועלכע איך בין געשטרויכעלט געוואָרען. איך וואָלט דאָך זיי געקענט אזוי לייכט אויסמיידען, און ניט דאַר־פען געהן אויף שלעכטע וועגען. איצטער ווייס איך אויך, אז מען וואָלט זיך אויף דער וועלט געקענט באשעפטיגען מיט אלץ, ווען מען זאָל נאָר האָבען דערצו די נויטיגע הענדשקעס. און א חוץ דעם, דאַרף מען אייגענטליך טון דאָס, וואָס עס לאָזט זיך טאָן און צו וועלכען מיר האָבען די מייסטע נייגונג. דאָס איז אזוי אין לעבען ווי אין דער קונסט. אַך! איינע פון דעם מענשענס גרעסטע אומגליקען איז דאָס, וואָס פּונקט ווי א קינד וויל ער דוקא ניט אנערקענען דעם ווערט פון די מתנות, וועלכע די נאַטור טראָגט איהם אָם לייכטסטען אקעגען, און פאַרקעהרט ווידער, די גיטער, וועלכע זענען אָם שווערסטען צו דערגרייכען, דוקא זיי באטראַכט ער פאַר די טייערסטע. דעם עדעלשטיין וואָס וואַקסט טיעף אינ'ם שוים פון דער ערד, און די פּעריל, וואָס איז פאַרבאָרגען אין די טיעפּענישען פון ים, האַלט דער מענש פאַר די בעסטע אוצרות; ער וואָלט זיי ניט אזוי פיעל געשעצט, ווען די נאַטור וואָלט זיי איהם אוועקגעלעגט פאַר די פּיס ווי קיזעל־שטיינער און מושלען. אקעגען אונזערע יתרונות זענען מיר גלייכגילטיג; און וועגען אונ־זערע חסרונות זוכען מיר זיך אזוי לאַנג אפּצונאַרען, ביז מיר האַלטען זיי ענדליך פאַר אויסערגעוועהנליכע מעלות. ווען איך האָב אמאָל נאָך פּאַגאַניני'ס א קאָנצערט, געפּרואווט דעם מייס־טער צו לויבען פאַר זיין וואונדערליכען פידעל שפּיעלען, האָט ער מיך איבערגעהאַקט מיט די ווערטער: „אבער ווי זענען אייך היינט געפעלען מיינע קאָמפּלימענטען און פאַרנייגונגען?“

מיט באשיידענקייט גיב איך איבער צום פּובליקום דאָס „בוך פון ליעדער“ און איך בעט, אז מען זאָל האָבען איינזיכט מיט דעם דאָזיגען בוך. און פאַר דער שוואַכקייט פון אָט די געדיכטען קענען זיי פיליכט געפינען א געוויסע באַפריעדיגונג אין מיינע פּאָלי־טישע, טהעאָלאָגישע און פילאָזאָפישע שריפטען.

פון דעסטוועגען מוז איך דאָך באמערקען, אז מיינע פּאָעטי־שע שריפטען, פּונקט אזוי ווי מיינע פּאָליטישע, טהעאָלאָגישע און

פילאזאפישע שריפטען, האבען ארויסגעשפּראצט פון דעמזועלביגען געדאנק, און מען קען ניט פארדאמען א טייל פון זיי, אז די אנדערע זאלען אויך ניט ליידען. אין דער זעלביגער צייט ערלויב איך מיר אויך די באמערקונג צו מאכען, אז דער קלאנג, וואס האט זיך פארשפרייט, אז יענער געדאנק אין מיין נשמה האט זיך געביטען, האלט זיך אויף אזעלכע ידיעות, וועלכע איך מוז פונקט אזוי פאראכטען ווי באדויערען. נאר געוויסע באשרענקטע גייסטער האבען געקענט אויסטייטשען די מילדערונג פון מיינע רייד, אדער גאר מיין נעצוואונגען שווייגען, אלס א פאראט צו זיך אליין. זיי האבען שלעכט אויסגעטייטשט מיין צוריקגעהאלטענקייט, און דאס איז געווען זעהר ניט פיין פון זיי. און נאך ווענינער דערפאר, ווארים איך האב דאך קיינמאל ניט שלעכט אויסגעטייטשט זייער היצקעפיקייט. העכסטענס האט מען מיך געקענט באשולדיגען, אז איך בין מיעד געווארען. אבער איך האב א רעכט צו זיין מיעד... און א חוץ דעם מוז יעדער געהארכען דאס געזעץ פון דער צייט, מעג ער וועלען אדער ניט...

און ווען די זון שיינט נאך ווי שען,
צום סוף מוז זי דאך אונטערגעהן!

שוין א גאנצען אין דער פריה ווי די מעלאדיע פון אט די פערזען זשומט מיר אין קאפ, און קלינגט אפשר צוריק ארויס פון אלץ, וואס איך האב נאר וואס געשריבען. אין א שטיק פון ראימונד, דעם בראווען קאמיקער, וועלכער האט זיך דא ניט לאנג אויס מעלאנכאליע דערשאסען צום טויט, זענען די יוגענד און די עלטער ערשינען אלס אלעגארישע פיגורען, און דאס ליעד וואס די יוגענד זינגט ווען זי געזעגענט זיך מיט דעם העלד, הויבט זיך אן מיט די דערמאנטע פערזען. מיט יאהרען צוריק האב איך דאס דאזיגע שטיק געזעהן אין מינכען; איך גלויב, אז עס הייסט: „דער פויער אלס מיליאנער". אזוי שנעל ווי די יוגענד געהט אוועק, זעהט מען, ווי דער העלד, וועלכער בלייבט אליין אויף דער סצענע, ווערט מאדנע פארענדערט. זיינע ברוינע האר ווערען ביסלעכווייז גרוי און צום סוף וויים ווי שנעע; זיין רוקען בויגט זיך, זיינע פים האלטען זיך קוים; און אויפ'ן ארט פון דער פרי־

הערדיגער העפטיקייט טרעט אריין א וויינעדיגע ווייכקייט... עס באוויזט זיך די עלטער.

דערנעהענטערט זיך שוין די דאָזיגע ווינטערדיגע געשטאַלט אויך צום פּאַרפאַסער פון אַט די בלעטער? באַמערקסטו שוין, טייערער לעזער, אויך אַזאַ אומבייטונג אין דעם שריפטשטעלער, וועלכער האָט זיך אַלעמאָל באַוועגט אין דער ליטעראַטור יוגענדליך, כמעט שוין צו יוגענדליך? עס איז שרעקליך אַ קוק צו טאָן, ווי אַ שריפטשטעלער ווערט פאַר אונזערע אויגען ביסלעכווייז אַלט. מיר האָבען עס געזעהן, ניט ביי וואָלפגאַנג געטהע, דעם אייביגען יונגען בחור, נאָר ביי ווילהעלם אויגוסט שלעגעל, דעם באַיאָהרטען נאַר; מיר האָבען עס געזעהן, ניט ביי אַראָלבערט שאַמיסאָ, וועלכער איז מיט יעדען יאָהר געוואָרען אינגער, נאָר ביי דעם הער לודוויג טיעק, דעם אַמאָליגען ראָמאַנטישען שטראָהמיאַן, וועלכער איז איצטער געוואָרען אַ קרעציגער מונטשע... אַ, איהר געטער! איך בעט אייך ניט, אַז איהר זאָלט מיר לאָזען די יוגענד, נאָר לאָזט מיר איבער די טוגענדען פון דער יוגענד. דעם אונאייגעניציגען צאָרן, די אונאייגעניציגע טרעהר! לאָזט מיך נאָר ניט ווערען קיין אַלטער עובר בטל, וועלכער בילט פון קנאה אויף די אינגערע גייסטער, אַדער אַ מיעדער בעל בכי, וואָס האָלט אין איין קלאָגען אויף דער גוטער אַלטער צייט... לאָזט מיך ווערען אַ זקן, וואָס האָט ליעב דאָס יונגוואַרג און טראָגט זיין אַלטער־שוואַכקייט נעמט ער דאָך אַנטייל אין זייערע שפּיעלען און געפאַהרען! מעג אַפילו מיין שטים ציטערן. אַבי נאָר דער זין פון מיינע ווערטער בלייבט פריש און אונערשראָקען!

ווען מיין שענע פריינדין האָט נעכטען מיט איהרע ראָזאָווע פינגער געגלעט מיינע לאָקען, האָט זי אַזוי מאָדנע געשמייכעלט. האַלב מיט רחמנות און האַלב מיט רשעות... ניט אמת, דו האָסט דערזעהן אויף מיין קאָפּ עטליכע ווייסע האָר?

„און ווען די זון שיינט נאָך ווי שען,
צום סוף מוז זי דאָך אונטערגעהן!"

געשריעבען אין פּאַריז, אין פריהלינג 1837.
היינריך היינע.

VI.

# פארעדע צו דער דריטער אויפלאגע.

דאס איז דער אלטער וואונדער־וואלד!
עס בליהען און דופטען די לינדען.
לבנה׳שיין באצויבערט מיך,
און מעשה׳לעך שעפטשען די ווינדען.

איך געה פארביי, און ווי איך געה
דערהער איך הויך א קלינגען
פון ליעבע און פון ליעבעסוועה
די נאכטיגאל טוט זינגען.

זי זינגט פון ליעבע און ליעבעסוועה
פון וויינען און פון לאכען,
זי יובעלט פון טרויער, זי טרויערט פון פרייד,
פארגעסענע טרוימען ערוואכען. —

איך געה פארביי, און ווי איך געה,
דערזעה איך אין דער ווייטען
א פרייען פלאץ, א הויכען שלאס,
מיט טורעמס ווי פארצייטען.

פארמאכטע פענסטער. אומעטום
א שטילקייט און א טרויער;
ווי ס׳וואלט געוואוינט דער שטילער טוידט
דארט אין דער וויסטער מויער.

פאר דעם טויער ליגט א ספינקס,
א געמיש פון שרעק און גלוסטעז.
דער גוף און די לאפעס ווי ביי א לייב,
א ווייב — מיט דעם קאפ און די ברוסטען.

א שענע פרוי! דער ווייסער בליק
דערצעהלט פון ווילדע באגעהרען:
די שטומע ליפען שמייכלען שטיל
און גיבען וואס אנצוהערען.

די נאכטיגאל, זי זינגט גאר זיס,
און איך, איך קען ניט ווידערשטעהן —
און ווי איך קוש דעם פנים איהר
ווערט אלצדינג אנדערש ווי געווען.

ס׳ווערט לעבענדיג דאס מארמארבילד,
איך קען איהר זיפצען הערען —
זי טרינקט די פלאמען פון מיין קוש
מיט דורשטיגען באגעהרען.

זי טרינקט מיר שיער מיין אטעם אויס —
אין תאוה פלאם, מיין ווייסען,
מיין אר׳מען גוף נעמט זי ארום
און וויל איהם אין שטיקער צערייסען.

די פריידען־יסורים און זיסער וועה
האבען שמערץ און לוסט אנגעצונדען.
און ווען מיך באגליקט פון איהרע ליפען דער קוש,
צערייסט זי מיין לייב מיר אין וואונדען.

VIII.

די נאכטיגאל זינגט: „א שענע ספינקס!"
א, ליעבע! ווי וועסטו אנ'ענטפער געבען?
ווי קענסטו פארמישען מיט וועהטאג פון טויט
די שענע גליקען פון לעבען.

א, שענע ספינקס! קענסטו פאר מיר
דאס רעטעניש דערקלעהרען!
כ'האב נאכגעקלערט פיעל טויזענד־יאהר,
און כ'קען עס נישט דערקלעהרען.

— דאס אלץ וואלט איך זעהר גוט געקענט זאגען אין א גר־טער פראזא... ווען מען לייענט אבער אויפ'ס ניי איבער די אלטע געדיכטען, וועלכע מען וויל ביי א נייער אויפלאגע א קליין ביסעל ארומפיילען, דאן געשעהט, אז איידער מען קוקט זיך ארום ווערט מען איבעראשט פון דער קלינגענדיגער געוועהנהייט, פון דעם גראם און פון דעם פאל פון די זילבען, און זעה! עס איז גאר פערזען, מיט וועלכע איך עפען אט די דריטע אויפלאגע פון דעם „בוך פון ליעדער". א פעבוס אפאלא! אויב די דאזיגע פערזען זע־גען שלעכט, וועסטו מיר גערן מוחל זיין... ווארים דו ביזט אן אל־וויסענדער גאט, און דו ווייסט זעהר גוט, פארוואס איך קען מיך זיים פיעל יאהרען שוין מעהר נים אזוי גוט באשעפטיגען מיט דער מאס און דעם גלייכען קלאנג פון די ווערטער... דו ווייסט, פאר־וואס דער פלאם, וועלכע האט אמאל אזוי באגייסטערט די וועלט מיט בריליאנטענע פייערווערקס־שפיעלען, האט פלוצלינג געמוזט פארוועגדט ווערען אויף ערענסטערע פייערן... דו ווייסט פארוואס ער פארצעהרט איצטער מיין הארץ מיט א שווייגענדיג פייער... דו פארשטעהסט מיך, גרויסער, שענער גאט, ווארים דו האסט אויך צייטענווייז אומגעביטען די גאלדענע לירע אויף דעם שטארקען

אַן נאָך זיך דו דערמאָנסט ...פּיילען טויטענדיגע די און בויגען מאַרזיאַס, וועמען דו האָסט געשונדען אַ לעבעדיגען? דאָס איז שוין לאַנג, און אַן עהנליכערביישפּיעל איז ווידער נויטיג... דו שמייכעלסט, אָ, מיין אייביגער פאָטער!

געשריעבען אין פּאַריז, דעם 20טען פעברואַר, 1839.

היינריך היינע.

# טרוימבילדער.

1.

איך האב אמאל געטרוימט פון הייסער ליעבע,
פון שענע לאקען, מירטען און רעזעדען,
פון זיסע ליפען און פון ביטער רעדען,
פון ליעדער טרויעריגע און פון טריבע.

פארוועהעט און פארבלייכט איז אלץ צוזאמען,
פארבלייכט איז אויך מיין ליעבע טרוימגעשטאלט,
פארבליבען איז מיר נאר, וואס איך האב באלד
אין פערזען אויפגעשריבען און אין גראמען.

נאר דו, פאר'יתומ'ט ליעד ביסט מיר פארבליבען!
פארוועה אויך און פארגעה אויך פון מיר באלד,
און טרעפסטו ערגיץ וואו מיין ליעבע טרוימגעשטאלט,
דערצעהל ווי עלענד כ'בין אהן איהר פארבליבען.

2.

א חלום מאדנע שוידערליך,
דערשראקען און דערפרעהט האט מיך.
און טראכט איך נאך פון יענעם בילד,
געמט ברויזען אין מיין הארצען ווילד. —

דאס איז א גארטען, וואונדערשעהן,
איך נעם אין איהם שפאצירען געהן;
די בלומען בליהען אומעטום,
און ס'נעמט מיך אזא פרייד ארום.

די פייגעל זינגען ווייט און ברייט
א שענע ליעבע־ליעד מיט פרייד:
די זון איז רויט, די שטראהלען — גאלד,
די בלומען — פריש און בונט באמאלט.

עס וועהט די לופט אי ליעב, אי לינד,
און פרישע ריחות ברייגגט דער ווינד;
און אלעס שטעהט אין פולער פראכט
און שימערירט און גלאנצט און לאכט.

אינמיטען אין דעם בלומענפעלד,
א קלאר און לויטער וואסער קוועלט;
און ביי דעם קוואל א מיידעל שטעהט
און וואשט געשווינד א ווייסע קלייד.

די באקען זיס, די אויגען מילד,
א בלאנדגעלאקטעם היילינ בילד:
איך קוק צו איהר, זי איז מיר פרעמד,
און דאך, מיר דאכט, אזוי באקענט.

דאס שענע מיידעל איילט זיך גיך,
און זינגט א ליעד גאר וואונדערליך:
„גים זיך וואסעריל פון שטיין,
וואש מיר אוים די לייוועגט ריין!“

איך געה צו נעהענטער צו איהר
און פרעג זי שטיל: „א זאג עס מיר,
דו וואונדערשענע מיידעל מיין,
פאר וועמען ס'ווייסע קלייד וועט זיין?“

זי ענטפערט מיר: „דו זיי באַלד גרייט,
איך וואַש פאַר דיר דיין טויטענקלייד!“
און ווי זי רעדט אַרויס דאָס קוים,
צערינט דאָס גאַנצע בילד ווי שוים. —

און ווי פאַר׳כישוף׳ט בין איך באַלד
געשטאַנען אין אַ ווילדען וואַלד.
די ביימער זענען הויך און שווער;
איך שטעה און שטוין און קלער און קלער.

און פּלוצים! וואָס דערהער איך באַלד!
אַ האַק קלינגט אָפּ אין טיפען וואַלד;
איך לויף דורך קוסט און וואַלד אַליין,
ביז כ׳קום צו יענעם אָרט צוגעהן.

אינמיטען פון אַ גרינעם רוים,
דאָ שטעהט אַ גרויסער דעמבעבוים;
און זעה! מיין מיידעל וואונדערשעהן,
זי האַקט דעם דעמבעבוים אַליין.

זי האַקט געשווינד, און האַקט און האַקט,
און זינגט דערביי אַ ליעד צום טאַקט:
„אייזען, אייזען בלאַנק און גרויס,
האַק אַ דעמבע־אָרון אויס!“

איך געה צו נעהענטער צו איהר,
און פרעג זי שטיל: „אַ זאָג נאָר מיר,
דו וואונדערשעהנע מיידעל מיין,
פאַר וועמען וועט דער אָרון זיין?“

זי ענטפערט מיר: „די צייט פארגעהט,
איך מאך פאר דיר אנ'ארון גרייט!"
און ווי זי רעדט ארוים דאס קוים,
צערינט דאס גאנצע בילד ווי שוים. —

דאס ליגט אי בלייך, אי ווייט, אי ברייט,
ארום א וויסטער סטעפ זיך שפרייט;
איך ווייס ניט ווי דאס איז געשעהן,
איך שטעה דערשראקען דא אליין.

און ווי איך שטעה אזוי אין שרעק,
דערזעה איך ווייט א ווייסען פלעק;
איך לויף גיך צו צו יענעם ארט,
זעה! ס'שענע מיידעל שטעהט גאר דארט.

אין ווייטען פעלד דאס מיידעל שטעהט
און גראבט א קבר טיף און ברייט;
איך קוק אויף איהר, ווי שען זי איז,
און דאך, ווי עקעלדיג און מיאוס.

דאס שענע מיידעל אייעלט זיך גיך,
און זינגט א ליעד גאר וואונדערליך:
„רידעל, רידעל שארף און ברייט,
מאך דעם קבר גיכער גרייט!"

איך געה צו נעהענטער צו איהר,
און פרעג זי שטיל: „א זאג נאר מיר,
דו וואונדערשענע מיידעל מיין,
פאר וועמען וועט דער קבר זיין?"

זי קוקט מיך אָן און ענטפערט מיר:
„דער קאַלטער קבר איז פאַר דיר.“
און ווי זי רעדט דאָס נאָר אַרויס,
זיך עפענט אויף דער קבר גרויס.

און ווי כ׳קוק נאָר דעם קבר אָן,
כאַפּט מיך אַ קאַלטער שוידער אָן;
און אין דעם קבר, שוואַרץ ווי נאַכט,
פאַל איך אַריין — און בין ערוואַכט.

3.

אין חלום האָב איך זיך אַליין געזעהן,
אין שוואַרצען גאַלאַפּראַק און זייד׳נער וועסט,
מאַנשעטען אויף די הענט, ווי צו אַ פעסט,
פאַר מיר מיין ליעבסטע, אַזוי ריין און שען.

איך האָב פאַר איהר פאַרנויגט זיך און געפרעגט:
„זענט איהר די כלה? אַך, איך גראַטוליר!“
דאָך איז דאָס וואָרט פאַרשטיקט געוואָרען שיער,
אַזוי בין איך געוועזען אויפגערעגט.

און פלוצים האָט זי וויינען שטיל גענומען,
און אין אַ ברייטען ים פון חוואַליעס־טרערען,
איז זי מיט איינמאָל ווייט פון מיר פאַרשוואָומען.

אַ זיסע אויגען, פרומע ליבעסשטערען,
תּאָמש איהר האָט שטענדיג מיך גענאַרט אויף וואָהר
און אויך אין טרוים, דאָך גלויב איך אייך ביז גאָר.

## 4.

אין טרוים האָב איך א קליינטשיג מענשעלע געזעהן,
וואָס האָט אויף שטאָלצען אומגעשפאַנט אי שנעל, אי וויט,
און זיינע קליידער זענען וויים געווען ווי קרייד.
דאָך אינעווייניג איז ער שמוציג גראָב געווען.

און האָטש ער איז געוועזען פוסט און גאַרנישט ריין,
דאָך האָט ער אויסגעזעהען שטאָלץ איז וויסען קלייד.
און פון קוראזש האָט ער גערעדט א לאַנגע צייט
און האָט געטאָן אלץ צו להכעים און געמיין.

„און ווייסטו ווער דאָס איז? דו קום אהער און זעה!"
דער טרוימגאָט האָט געצייגט מיר בילדער אלערליי,
און האָט מיר אַנגערופען ס'מענשעלע ביים נאָמען.

און דאָ האָב איך איהם מיט מיין הארציגסטער דערזעהן,
ווי ער האָט מיט א רינג מקדש איהר געווען,
און טויזענד שדים האָבען אבגעענטפערט: „אָמן!"

## 5.

וואָס רוישט און זידט מיין נאריש בלוט?
וואָס ברענט מיין הארץ אין ווילדען גלוט?
עס קאָכט מיין בלוט און שוימט און געהרט,
און ס'ווערט מיין הארץ פון גלוט פארצעהרט.

דאָס בלוט איז ווילד און קאָכט און שוימט,
ווייל כ'האָב א בייזען טרוים געטרוימט:
די שווארצע נאַכט קומט אָן מיט שרעק
און טראָגט מיך ווייט מיט זיך אוועק.

זי ברייננט מיך צו א ליכטיג הויז,
וואו הארפענקלאנג קלינגט וויט ארויס,
און פאקעלגלאנץ צעגיסט זיין שיין —
איך קום צום זאל, איך געה אריין.

א חתונה האב איך דערזעהן;
עס זענען געסט דא פיעל געוועזן.
און ווי איך קוק ארום זיך נאָר —
מיין ליעבסטע איז די כלה גאר !...

א פרעמדער דריקט איהר היינט די האנט. —
דער חתן איז מיר אומבאקאנט; —
איך שטעל זיך הינטער איהר און שטעה,
און שטיל צוגעהט מיין הארץ פון וועה.

די מוזיק רוישט און שאלט ארום.
איך שטעה אזוי און קוק און שטום;
די כלה שיינט פון גליק און פרייד,
און לעבען איהר דער חתן שטעהט.

דאן הויבט ער אויף זיין בעכער הויך,
ער טרינקט און גיט דער כלה אויך;
זי לאכט צו איהם א דאנק, און ווינקט —
וועה ! ס'איז מיין בלוט דאָך, וואס זי טרינקט !

אנ'עפעלע די כלה נעמט
און גיט דעם חתן עס פארשעמט.
ער נעמט זיין מעסער, שניידט אריין —
אוי וועה ! ער שניידט מיין הארץ מיר איין !

זיי שמייכלען און זיי פרעהען זיך,
דער חתן דריקט זי צו צו זיך
און קושט איהר אוים דאָס פּנים רוים —
אוי וועה! מיך קושט דער קאַלטער טוים!

איך קען ניט אויסריידען קיין וואָרט,
מיין צונג, זי ריהרט זיך ניט פון אָרט.
די מוזיק רוישט, דער טאַנץ פאַנגט אַן,
און חתן־כלה טאַנצט אין קאַן.

און ווי איך שטעה אזוי און שטום,
די טענצער פליהען פלינק ארום:
דער חתן זאָגט דער כלה וואָס,
זי רויטעלט זיך, דאָך אהן פאַרדראָס.

6.

אין זיסען טרוים, אין שטילער נאַכט
געקומען איז מיט צויבערמאַכט,
מיט צויבערמאַכט די ליעבסטע מיין
צו מיר אין קעמעריל אריין.

איך קוק זי אַן, דאָס ליעבע בילד,
איך קוק זי אַן, זי שמייכעלט מילד:
עס וואַקסט פון פרייד דאָס הארץ אין מיר,
און איך געם ריידען דרייסט צו איהר:

„נעם צו, נעם אַלעס וואָס איך האָב,
דאָס טייערסטע טרעט איך דיר אָפּ,
דערפאַר זאָל איך דיין ליעבסטער זיין
פון האַלבערנאַכט ביז מאָרגענשיין."

זי קוקט מיך מאָדנע אַן אַזוי,
זי קוקט מיט ליבשאַפט און מיט וועה,
און זאָגט צו מיר מיט פרייד און שרעק:
„גיב מיר דיין יענע־וועלט אוועק!"

איך גיב פאַר דיר מיין בלוט מיט פרייד,
איך בין אויך מיט מיין לעבען גרייט:
כ'גיב אַלעס דיר, וואָס דיר געפעלט —
דאָך קיינמאָל ניט מיין יענע־וועלט."

געקלונגען האָט מיט פרייד מיין קול,
דאָך זי ווערט שענער וואָס אַמאָל,
און ווידערהאָלט מיט פרייד און שרעק:
„גיב מיר דיין יענע־וועלט אוועק!"

נאָך שווערער פאַלט דאָס וואָרט אַצינד,
און צינדט אַן ווי אַ שטורעמווינד
אין האַרצען מיר אַ פייער גרויס,
אַז ס'געהט מיר שיער מיין אָטעם אויס. —

דאָ קומען פיל מלאכים אָן,
אין גלאָריי־קרוינען אָנגעטאָן:
און נאָך זיי קומט אָן מיט אַמאָל
אַ באַנדע שדים, אָהן אַ צאָהל.

זיי ראַנגלען זיך און שטויסען אָפּ
די מלאכים פון וועג אַראָפּ;
און פּלוצים ווערט די באַנדע אויף
צערונען ווי אַ וואָלקענרויך.

איך אבער וויל פון לוסט פארגעהן,
איך האלט לעם זיך מיין ליעבסטע שעהן;
זי טוליעט זיך צו מיר אויך צו,
און וויינט און וויינט און זוכט זיך רוה.

מיין ליעבסטע וויינט; איך ווייס ווארום,
און קוש איהר רויזענמיילכעל שטום —
„א ליעבסטע, שטיל די טרערען איין,
גיב איבער זיך מיין ליעבעספיין!

גיב איב זיך מיין ליעבעסגלוט—“
דא ווערט אין מיר פארקיהלט דאס בלוט;
עס ציטערט הויך דער באדען אויף,
און ס'עפענט זיך אנ'אבגרונד אויף.

און פון דעם אבגרונד שטייגען אויף
פיעל שדים אויף דער ערד ארויף; —
מיין ליעבסטע שטארט און ווערט צו ניט;
און איך בלייב אין דער שדים מיט.

דא טאנצט די באנדע מיט געברום
אין וואונדערבארען קרייז ארום;
אט גרייפען זיי מיך אן שוין באלד,
און שרעקליכער געלעכטער שאלט.

אלץ ענגער ווערט דער קרייז ארום,
און שרעקליכער ווערט דער געברום:
„דיין יענע-וועלט פארשפילט האסטו,
ניטא איצט מעהר פאר דיר קיין רוה.“

## 7.

דו האָסט אויך דאָס געלד שוין, און וואַרטסטו איצט דאָך?
דו טרויריגער בחור, וואָס וואַרטסטו איצט נאָך?
איך זיץ און איך וואַרט אין מיין ליבען געצעלט,
די האַלבע נאַכט קומט שוין — די כלה נאָר פעהלט.

פיעל שוידערנדע ווינטלעך פון קלויסטערהויף וועהן;
העי ווינטלעך! האָט איהר ניט מיין כלה געזעהן?
מיך רינגלען פיעל בלייכע געשטאַלטען אַרום
און ענטפערען: „יאָ!" מיט א ווילדען געברום.

דו שד־שוואַרצער שורקע, אין פייער־מונדיר,
דערצעהל וועלכע נייעס דיך ברייננגט איצט צו מיר?
„מיין גנעדיגע העשראַפט באַפעהלט האָט, אז גלייך
אין דראַכענגעשפּאַן וועט זי קומען צו אייך."

מיין ליעב־גרויער מענשעל, וואָס איז דיין באַגעהר?
מיין טויטער מאַגיסטער, וואָס ברייננגט דיך אַהער?
ער קוקט מיט א שווייגענדיג־טרויריגען בליק,
ער שאָקעלט זיין קאָפּ און פארשווינדט באַלד צוריק.

וואָס וואַיעט דער הונד מיט דער קאַלטענער פעל?
וואָס פינקעלט דער שוואַרצער קאַצ'ס אויג אזוי העל?
וואָס וויינען די ווייבער, צושויבערט פון ווינד?
וואָס זינגט עס מיין אַם מיר מיין וויגליעד אצינד?

בלייב היינט אין דער היים, ליעבע אַם מיט דיין ליעד,
איך בין פון דיין זינגען און וויגען לאַנג מיעד;
העי, זעהט דאָך, איך פייער מיין חתונה היינט,
אַט קומען שוין אַן מיינע געסט, מיינע פריינד.

העי זעהסט נאר! איהר הערצן, דאס רוף איך גאלאנט!
איהר טראנט, אנשטאט היטלען, די קעפ אין דער האנד!
איהר ציטעריגע מענשלעך, ווי גאלגאנס געקליידט,
דער ווינד איז דאך שטיל, און איהר קומט אזוי שפעט.

אט קומט די מכשפה אויפ'ן בעזעם געשווינד,
אך, בענש מיך איצט מאמעלע, כ'בין דאך דיין קינד.
איהר מויל אינ'ם בלייכען געזיכט זיך פארדרעהט:
„אין אייביגקייט, אמן!" דאס מאמעלע בעט.

דא קומען צוועלף דארע כלי־זמרים צוגעהן;
דעם כלי־זמר'ס ווייב הינקט נאך פון הינטען אליין.
און נאך זיי דער פאיאץ אין פארביגען ראק,
שלעפט נאך זיך דעם קברן אזוי ווי א באק.

עס טאנצען צוועלף נאנעס אריין אינ'ם הויז;
די בלינדע פארמיטלערין טאנצט אין פאראויס.
נאך זיי טאנצען נאך צוועלף גלחים אין קאן,
און פייפען א שאנדליעד אין קירכליכען טאן.

העי, שריי ניט אזוי דא, דו אלטיטשקער באס,
עס וועט דיר אין גיהנום ניט העלפען דיין ראק:
דארט הייצט מען די אויוועגס, יאהר איין און יאהר אויס,
מיט ביינער פון בעטלער און קעניגען אויס.

די בלומענמיידלעך זענען הארבאטע און קרום,
און טאנצען און שפרינגען אין צימער ארום.
איהר סאוועגעזיכטער און מיאוס'ע־שלעק,
א זאל צום געפילדער שוין נעמען אנ'עק!

דער גאַנצער גיהנום איז אַ'זיס מיט אַמאָל,
און ליאַרעמט און טומעלט און ברומט אויפ'ן קול;
און נעמט דעם פאַרשאָלטענעם וואַלצער זיך דרעהן —
זייט שטיל דאָך! איצט קומט מיין געליעבטע צו געהן.

חעי, חברה, בלייבט שטיל אָדער פאַקט זיך אַרויס!
איך הער נים מיין אייגענעם וואָרט, וואָס כ'רעד אויס. —
האָרכט! קומט נים דער רויש פון אַ וואָגען אַרויף?
פרוי קעכין, וואו ביסטו? דעם טויער מאַך אויף!

קום געה'נטער, געליעבטע, ווי געהט דיר פון וועג?
קומט געה'נטער, הער פּאַסטאָר, און זעצט זיך אַוועק!
הער פּאַסטאָר מיט פערדישע פיס און אַנ'עק,
איך שטעל מיך צו דינסט אייך, הער פּאַסטאָר אַוועק.

וואָס ביסט אַזוי שטום און בלייך, כלה'שי מיין?
דער פּאַסטאָר וועט געהן גלייך מקדש אונז זיין;
איך צאָהל איהם בלוט-טייער, איך צאָהל אַזוי פיעל,
דאָך דיך צו באַזיצען, איז דאָס קינדערשער שפּיעל.

איצט קניה ביי מיין זייט אין דיין חתונה קלייד! —
אָט קניהט זי, אָט זינקט זי — אַ הימלישע פרייד!
זי זינקט אויף מיין האַרץ, אויף מיין פּאָכענדער ברוסט,
איך נעם זי אַרום מיט אַ ציטעריגער לוסט.

די גאָלדגלאָקען קרייזלען אונז צוויי ווי אַ ווינד,
עס קלאַפּט אויף מיין האַרץ איצט דאָס האַרץ פון מיין קינד.
זיי קלאַפּען צוזאַמען פון פרייד און פון לייד,
און פליהען אַרויף אין דער ענדלאָזיגקייט.

עס שווימען די הערצער אין ימים פון פרייד,
דארט אויבען וואו גאָט האָט זיין הייל'קייט פארשפרייט;
דאָך איבער די קעפּ אונז ווי שרעק און ווי בראנד,
ארויפגעלייגט האָט דער גיהנום די האנד.

דאָס איז דאָך דער פינסטערער זוהן פון דער נאכט,
וואָס שטעהט פאר אונז און ווי א גלח זיך מאכט;
און מורמעלט די ברכות פון בלוטיגען בוך!
זיין בעטען איז לעסט'רונג, זיין וואונש איז א פלוך.

עס קרעכצט און עס רוישט און עס שרייט איבעראל,
ווי ס'רוישען פון ים, ווי פון דונער דער קנאל;
ס'בליצט אויף מיט אמאל א בלויליכט און פארגעהט —
„אין אייביגקייט". אמן!" דאָס מאמעלע בעט.

8.

געגאנגען בין איך פון מיין הארענטע'ס הויז,
משוגע אין נאכטשרעק גאָס איין, און גאָס אויס...
און ווי נאָר איך קום צום בית עולם צו געהן,
דאָ ווינקט פון די קברים א יעדווידער שטיין.

לבנה־שיין שפּרייט זיך און ברייט זיך ארום.
און עמיצער שעפּטשעט: „ווארט, ברודער, איך קום!"
דעם כלי־זמר'ס מצבה באוועגט זיך דערביי,
און ס'שטייגט אויף פון קבר א נעבעל, ווי בליי.

דאָס קומט פונ'ם קבר דער כלי־זמר אליין,
און זעצט זיך אוועק אויף זיין אייגענעם שטיין.
ער שטעלט אָפּ די סטרונעס פון ציטהער און שפּיעלט
און זינגט צו דערביי אזוי פוסט, אזוי ווילד:

„העי! קענט איהר נאָך דאָס אַלטע ליעד,
וואָס האָט אַמאָל אין ברוסט געגליהט,
איהר סטרונעס אַלטע, טריבע?
מלאכים, זיי רופען דאָס הימלישע פרייד,
טייוואַלים, זיי רופען דאָס טייוועלשע לייד,
און מענשען זיי רופען דאָס ליעבע!"

און ווי נאָר דאָס וואָרט איז פאַרקלונגען אַרום,
זיך עפ'נען די קברים באַלד אויף אומעטום;
און ס'קומען געשטאַלטען, ווי נעבלען אַרויס,
און זעצען אין כאָר אַרום כלי־זמר זיך אויס:

„ליעבע, ליעבע! ס'האָט דיין מאַכט
אונז אין קראַנקעננבעט געבראַכט,
און די אויגען אונז פאַרמאַכט, —
העי, וואָס שטערסטו אונז די נאַכט?"

עס קלינגט און עס ברילט אין דער נאַכט אַזוי ווילד,
עס רוישט און עס ברויזט און עס קרעכצט און עס גרילט;
און ס'דרעהט זיך דער קרייז אַרום כלי־זמר דערביי
און ס'הויבט אָן דער כלי־זמר צו שפּילען אויף ס'ניי:

„בראַוואָ! בראַוואָ! ווי פאַריקט!
די געזאַנגען
און די קלאַנגען
פון מיין כשוף־וואָרט באַגליקט!
ליגט מען דאָך יאָהר־איין, יאָהר־אויס,
שטיל אין קאַמער ווי אַ מויז;
לאָמיר היינט דאָ פרעהליך זיין!
דאָך, ערשט זעהט,
צי מיר זענען דאָ אַליין? —

נארען זענען מיר בײם לעבען,
און פאר ליעבע אבצוגעבען
זענען מיר דאס לעבען גרײט.
פרײד װעט דא אונז הײנט ניט פעהלען;
זאל א יעדערער דערצעהלען,
װאס איהם האט אהער געבראכט,
װי צופליקט —
װי פאריקט
ס'האט די ליעבע איהם געמאכט."

דא שפּרינגט, װי א װינד לײכט, ארױס פונ'ם קאן
א מענשעל, א דארס, און הױבט זשומענדיג אן:

„איך בין געװען א שנײדער יונג
מיט נאדעל און מיט שער;
איך בין געװען אי שנעל, אי פלינק
מיט נאדעל און מיט שער;

דא קומט דעם מײסטער'ס טאכטערעל
מיט נאדעל און מיט שער;
און האט מײן הארץ צושטאכען מיר
מיט נאדעל און מיט שער."

די מתים צולאכען זיך פרעהליך דערבײ;
א צװײטער טרעט ערענסט ארױס אין דער רײה:

„דעם רינאלדא רינאלדיני,
שינדער האנא, ארלאלדיני,
און קארל מאר — פון שטענדיג אן
האב איך אלעם נאכגעטאן.

אויף פארליעבט — רעספּעקט צו מעלדען —
האָב איך זיך ווי יענע העלדען,
דאָך עס האָט די שענסטע פרוי
מיר פארשאַפט אַזויפיל וועה.

כ'האָב געקלאָגט לאַנג נאָך דער סיבת,
ביז איך האָב, פאַריקט פון ליעבע,
איינגעשטעקט מיין האַנד אויף ראַש
אין מיין רייכען שכנ'ס טאַש.

איז דער וועכטער מיך באַפאַלען,
וואָס כ'האָב מיינע טרערען־קוואַלען
אויסצוטריקענען געזוכט
מיט מיין שכנ'ס טאַשענטוך.

און מען האָט לויט כאַפּער־זיטען
איינגעשלאָסען מיך אינמיטען —
און די תפיסה, הייליג־גרויס,
האָט פארשפּריים פאַר מיר איהר שויס.

דאָרטען פלעג איך ביי דעם שפּינען,
טראַכטענדיג, מיין רוה געפינען,
ביז רינאַלדאָ'ס גייסט האָט מיך
צוגענומען דאָרט מיט זיך."

די מתים צולאַכען זיך פרעהליך דערביי:
געשמינקט און פאַרפּוצט קומט א דריטער אין רייה:

„בין געוועזען דער האַר פון דער ביהנע,
און ליעבהאָבער שטענדיג געשפּילט.
איך האָב אָפט געברילט ווי א ווילדער,
איך האָב אָפט געזיפצט אַזוי מילד.

כ'האָב צום בעסטען געשפּילט אַלס מאַרטימער,
מאַריע איז געווען אַזוי שעהן!
דאָך כאָטש איך האָב ווירקליך געליעבט זי,
האָט זי ניט געוואָלט מיך פאַרשטעהן.

אַמאָל, ווען מאַרטימער, פאַרצווייפעלט,
„דו הייליגע מאַריע!" זיך צושרייט,
האָב איך מיר דעם קינזשאַל פאַרשטאָכען
אַביסעל צו טיף אין מיין זייט."

די מתים צולאַכען זיך פרעהליך דערביי;
אין ווייסען געקליידט קומט אַ פערטער אין רייה:

„עס רעדט פון קאַטעדער אַראָפּ דער פּראָפעסאָר,
ער רעדט און איך שלאָף דערביי איין;
עס וואָלט מיר געוועזען פיעל טויזענדמאָל בעסער
יראַד דאָן ביי זיין טאָכטער צו זיין.

זי פלעגט מיך אָפט צערטליך פון פענסטער באַגריסען,
די בלום פון די בלומען אַליין!
דאָך האָט גאַר די בלום פון די בלומען געריסען
דער רייכער פיליסטער געמיין.

איך האָב דאָן געשאָלטען די ווייבער און לומפּען,
האָב סם דאָן פאַרמישט אין מיין וויין;
איך האָב מיט דעם טויט דערנאָך פריינדשאַפט געטרונקען
און ער האָט געזאָגט: „דו ביסט מיין!"

די מתים צולאַכען זיך פרעהליך דערביי;
מיט אַ שטריק אויפ'ן האַלז קומט דער פינפטער אין רייה:

„עס שטראַהלט און עס פינקעלט דער גראַף בײַ דעם װײַן
מיט דימענטען פֿיעל, מיט זײַן טעכטערעל פֿײַן.
װאָס אַרט מיך, דו גראַף דען דײַן צירונג, דײַן גאָלד?
איך האָב דאָך פֿיעל מעהרער דײַן טעכטערעל האָלד.

אויף ריגעל און שלאָס איז דער טויער פֿאַרמאַכט,
און ס'שטעהען פֿיל דינער אַרום אויף דער װאַכט.
װאָס אַרען מיך דינער און ריגלען פון הויף?
איך קריך אויף אַ לייטער געזיכערט אַרויף.

איך קלעטער צום טעכטעריל'ס פענסטער גאָר גיך,
דאָך פלוצים דערהער איך אַ שטים הינטער זיך:
„װאַרט, װאַרט נאָר מײַן בחור, כ'װיל אויך דערבײַ זײַן,
כ'ליעב אויך אַזוי צירונג און דימענטען פֿײַן!"

דאָס װיצעלט דער גראַף זיך און פּאַקט מיך דערבײַ!
און ס'רינגלען די קנעכט מיך אַרום מיט געשרײַ.
„איך בין ניט קײַן גנב, איך װיל נישט קײַן גאָלד,
איך האָב נאָר מײַן ליעבסטע דאָרט נעמען געװאָלט."

דאָך האָט ניט געהאָלפען געבעט און קײַן רייד,
פאַר מיר איז אַ תליה געשטאַנען שוין גרייט;
װי ס'איז נאָר דער מאָרגען געקומען צוגעהן,
האָט זי זיך פאַרװאונדערט, מיך הײַנגען צו זעהן."

די מתים צולאַכען זיך פרעהליך דערבײַ:
מיט'ן קאָפּ אויף דער האַנט קומט אַ זעקסטער אין רייה:

„כ'פלעג געהן אויף יאַגד פון ליעבעספּײַן:
די ביקס אין האַנט װאַלד אויס, װאַלד אײַן.
דאָ קראַקעט פון אַ בוים אַראָפּ,
אַ ראָב און שרײַט: קאַפּ—אַפּ! קאַפּ—אַפּ!'

אַ װאָלט איך איצט געכאַפּט אַ טויב,
װאָלט איך געבראַכט צו איהר די רויב.
איך טראַכט אַזוי, און גײה אַרום,
און שפּעה דעם װאַלד אויס אומעטום.

װער װאַרקעט דאָרט? — איך גײט און שפּעה —
דאָס קענען זײַן דאָך טויבען צװײ.
איך שאַר זיך שטיל צו יענעם אָרט —
דאַ זעה! מײַן ליעבסטע זיצט נאָר דאָרט.

דאָס איז מײַן טײַבעלע, מײַן קינד,
אַ פרעמדער מאַן האַלזט זי אַצינד, —
נו, אַלטער יעגער, ציעל זיך גוט! —
גלײַך ליגט דער פרעמדער מאַן אין בלוט.

דאָך האָבען הענקער אינ'ם װאַלד
דערזעהן דאָס און געכאַפּט מיך באַלד — —
זײ פיהרען מיך — און ס'שרײַט די ראָב
פון בוים אַראָפּ: „קאַפּ—אַפּ! קאַפּ—אַפּ!"

די מתים צולאַכען זיך פרעהליך דערבײַ;
דער כלי־זמר אַלײן שטעלט זיך איצט אין דער רײה:

„איך האָב אַמאָל אַ ליעד געזונגען,
דאָס שענע ליעד איז אויס;
װען ס'װערט דאָס האַרץ אין לײַב צעשפּרונגען,
דאַן געהען די ליעדער אויך אויס!"

די גײַסטער צולאַכען זיך דאָפּעלט דערבײַ,
און נעמען זיך דרעהען און רינגלען אויף ס'נײַ;
דאַ קלינגט אויפ'ן קירכ־טורעם „אײנס" אין דער הויך,
די גײַסטער פאַרשװינדען אין די קברים, װי רויך...

9.

נאַכט רוהט אויף מיינע אויגען,
און בליי ליגט אויפ'ן מויל,
איך ליג אַזוי אַ טויטער
אין קבר און איך פויל.

ווי לאַנג איך בין געלעגען,
דאָס ווייס איך נישט אליין,
איך חאַפּ זיך אויף — דערהער איך,
ס'קומט אויבען ווער צוגעהן.

„ווילסטו נישט אויפשטעהן, היינריך?
משיח'ס טאָג קומט אָן;
עס שטעהען אויף די טויטע,
און הויבען לעבען אָן."

געליעבטע, כ'קען נישט אויפשטעהן,
איך קען נאָך אַלץ ניט זעהן;
איך בין אַזוי פון וויינען
אַ בלינדער ווי געווען.

„איך וועל פון אויג איצט, היינריך,
דיר אויסקושען די נאַכט;
דו וועסט איצט זעהן מלאכים,
דעם הימעל און זיין פּראַכט."

געליעבטע, כ'קען נישט אויפשטעהן,
נאָך בלוטיגט יענער אָרט,
וואו דו האָסט מיך געשטאָכען
אַמאָל מיט אַ שפּיציג וואָרט.

„איך ליג מיין האנד דיר, הײנריך,
לײכט אויף דײן הארץ ארויף;
דאַן וועט דיר מעהר ניט וועה טאָן,
און ס'הערט אויף בלוטען אויף.“

געליעבטע, כ'קען ניט אויפשטעהן,
מיין וואונד אין קאָפּ פארשטעק;
איך האָב זיך דאָך געשאָסען,
ווען ביזט פון מיר אוועק.

„מיט מיינע לאָקען, הײנריך,
פארשטאָפּ איך דיר דײן וואונד;
איך האלט דיר איין דעם בלוטשטראָם,
און מאַך דיין קאָפּ געזונד.“

אזוי האָט זי געבעטען
מיך לאַנג אי ליעב, אי שעהן;
געוואָלט האָב איך שוין אויפשטעהן
און צו מיין ליעבסטער געהן.

דאַ עפ'נען זיך די וואונדען,
און ס'שפריצט מיט ווילדער מאכט.
פון קאָפּ און ברוסט דער בלוטשטראָם,
און זעה! — כ'האָב אויפגעוואכט.

## 10.

איך ליג און שלאָף, און שלאָף גאַנץ מילד,
פארלאָזט פון לייד און פיין;
דאַ קומט צו מיר אין טרוים א בילד,
דאָס שענסטע מיידעל מיין.

געוועזן איז זי ווי מאַרמאָר בלייך,
און זעלטען וואונדערשעהן;
די אויגען ווי די פּערעל גלייך
איהר' האָר זיך מאָדנע וועהן.

און שטיל, גאַר שטיל באוועגט זי זיך,
אַ בלייכע מיידעל מיין.
און אויף מיין הארצען לעגט זי זיך,
אַ בלייכע מיידעל מיין.

ווי ציטערט מיר פון וועה און לוסט
מיין הארץ און ס'ברענט מיר היים!
עס ציטערט ניט דער שענערס ברוסט,
און קאַלט איז זי ווי אייז.

„עס ציטערט ניט אין מיר מיין ברוסט,
ווי אייז איז זי מיר קאַלט;
דאָך פיהל איך אויך דער ליעבע'ס לוסט,
דער ליעבע'ס מאַכט איז אַלט.

„מיין מויל און פּנים בליהט ניט רויט,
אין הארץ מיר פליסט קיין בלוט;
דאָך שרעק זיך ניט פון מיינע רייד,
כ'בין ליעב צו דיר און גוט."

און ווילדער נעמט זי מיך ארום,
און דריקט מיך צו ביז פּיין;
דאַ קרעהט דער האָן — פארשוואונדען שטום
ווערט ס'בלייכע מיידעל מיין.

11.

כ'האב אפטמאל פיעל בלייבע גייסטער
באשוואוירען מיט א כישוף ווארט;
איצט ווילען זיי מעהר ניט צוריקגעהן,
צוריק צו זייער נאכטיגען ארט.

דעם שפרוך וואס באפעהלט און באצווינגט זיי,
פארגעסען האב איך איהם פון שרעק;
איצט שלעפען די אייגענע גייסטער
אין א פינסטערער הייל מיר אוועק.

לאזט אב מיך, איהר פינסטערע שדים!
ניט שלעפט מיך צו אייער געצעלט!
נאך זענען פיעל פריידען פאראנען
אדא אויף דער ליכטיגער וועלט.

כ'מוז שטענדיג דאך זוכען דאס מיידעל,
וואס איז אזוי ליעב, אזוי שען:
וואס וואלט דען מיין לעבען געוועזען,
ווען זי וואלט מיר ליעב נישט געווען?

כ'וואלט וועלען נאך איינמאל זי האלזען
און צודריקען הארציג צו מיר!
נאך איינמאל די ליפען און אויגען
פון וועה און פרייד אויסקושען איהר!

כ'וואלט וועלען באטש איינמאל נאך הערען,
פון איהר מויל א ליעבענדען ווארט, —
דערנאך וואלט איך געהן מיט אייך, גייסטער,
צוזאמען צום פינסטערען ארט.

און ווי גאַר די גייסטער דאָס הערען
ווי שרעקליך פארנוינגען זיי זיך —
געליעבטע, איצט בין איך געקומען, —
געליעבטע, זאָג ליעבסטו איצט מיך?

# ליעדער.

1.

ליעבע, זיסע מיידעל מיין,
ביסט דאך אזוי שען און ריין:
איך וואלט מיט מיין לעבען דיר
שטענדיג דינען גאנץ אליין.

דיינע זיסע אויגעלעך
זענען ווי לבנה'ס שיין:
דיינע רויטע בעקעלעך,
ווי א רויזען־רויטער ווין.

פון דיין קליינציג מיילעבעל
ווייסט זיך שנירלעך פערעל־צייהן:
דאך דיין שטילער בוזעמעל
טראגט דעם שענסטען ערעלשטיין.

ס'איז דיין פרומער שמייכעלע
טיף צו מיר אין הארץ אריין,
ווען איך האב געקוקט אויף דיר,
זיסע, ליעבע מיידעל מיין.

2.

ווען כ'קום צו מיין געליעבטערס הויז,
געהט אויף מיין הארץ פון פרייד:
די גאנצע וועלט, מיר דאכט זיך אויס,
פאר מיר ליגט אויסגעשפרייט.

דאָך ווען איך זעגען זיך מיט איהר
און געה אוועק אליין,
פארשווינדט די גאנצע וועלט פון מיר,
ווער ארעם ווי געווען.

3.

כ'שטעה אויף אין דער פריה און פרעג זיך:
ועט מיין ליעבסטע קומען היינט?
און אין אבענד ווען איך לעג זיך:
ניט געקומען איז זי היינט

כ'ליג אין בעטעל מיט מיין אומעט
וואכענדיג א גאנצע נאכט;
און בייטאָג געה איך ארום'עט,
און איך חלום ווי ביינאכט.

4.

איך וואנדעל אום אונטער די בוימער
אליין מיט מיין קומער און פיין;
דא קומען אמאָלינע טרוימען
און גנב'ען אין הארץ זיך אריין.

ווער האָט אייך די ווערטער געלערענט,
איהר פייגעל, וואָס זינגט ווען איך געה?
זייט שטיל ווייל מיין הארץ וועט דערהערען,
דאן טוט עס מיר מעהרער נאָך וועה.

„אמאָל איז א מיידעל געקומען,
געזונגען האָט זי אזוי שעהן;
מיר האָבען די ווערטער געפאנגען,
און זינגען זיי איצטער אליין."

איהר קלײנענקע פױגעלעך כיטרע,
א זינגט מיר ניט מעהרער דאָס ליעד;
איהר װילט בײ מיר רױבען מײן אומעט,
כ'פארלאָז אבער אױף קײנעם זיך ניט.

5.

ליג, ליעבסטע, דײן האנד אױף מײן הארץ מיר ארױף,
און הער װי דאָרט קלאפט און עס הערט גאָר ניט אױף.
א סטאָליער, א שלעכטער זיך האָט דאָרט צושפּרײט,
ער האמערט און מאכט דאָ אַנ'ארון מיר גרײט.

ער קלאפּט און ער האמערט בײטאָג און בײנאכט;
ער רױבט מיר מײן שלאָף, האָט שױן קראנק מיך געמאכט.
אך, אײלט זיך, הער סטאָליער, און מאכט דאָס אױף גיך,
דערמיט איך זאָל קענען שױן אױסרוהען זיך.

6.

װען מײנע ליעדער װאָלטען,
װי בלימעלעך געװען:
כ'װאָלט זײ געבראכט צום שמעקען
מײן הארציגסטער אלײן.

װען מײן ליעדער װאָלטען,
װי זיסע קושען זײן:
איך װאָלט צו איהר זײ שיקען
אין בוזעמעל ארײן.

װען מײנע ליעדער װאָלטען,
װי ארבעסלעך געװען:
איך װאָלט א זופּ פון ארבעס
געקאָכט פאַר זיך אלײן.

7.

אין טאַטענס גאָרטען היימליך שטעהט
אַ בלימעל טרויעריג און בלייך;
דער ווינטער פאַרגעהט, דער פריהלינג וועהט,
דאָס בלייכע בלימעל בלייבט שטענדיג בלייך
און זעהט נאָר פאַר דעם הויז,
ווי אַ קראַנקע כלה אויס.

דאָס בלייכע בלימעל זאָגט צו מיר:
„ליעב ברודערל, רייס מיך אויס!"
איך קוק זיך אום און ענטפער איהר:
איך רייס דיך קיינמאָל אויס.
איך זוך מיט מיה ארום
די פורפור־רויטע בלום.

בלייך בלימעל זאָגט: „זוך דאָרט, זוך דאַ
ביז צו דיין טויט אַרום,
דו זוכסט אומזיסט, ס'איז דאָ נישטאָ
די פורפור־רויטע בלום.
דו רייס אויס ליעבער מיך,
זעהסט קראַנק דאָך אויס ווי איך."

און ווי בלייך בלימעל בעט אַזוי,
רייס איך מיט שרעק עס אויס.
און מיט אַמאָל פאַרגעהט מיין וועה,
מיין אויג ווערט העל און גרויס.
און אין מיין קראַנקער ברוסט
קומט שטילע פרייד און לוסט.

8.

שענע וויג פון מיינע ליידען,
שענער קבר פון מיין רוה,
שענע שטאָדט, איך מוז זיך שיידען, —
זיי געזונד! ווינש איך דיר צו.

זיי געזונד, דו הייליג שטיבעל,
וואו עס קלינגט מיין ליעבסטערס קול:
זיי געזונד, דו אָרט, וואו איך האָב
זי געזעהן צום ערשטען מאָל.

וואָלט איך קיינמאָל ניט געזעהן דיך,
הארציג שענע מלכה מיין!
וואָלט דאָס קיינמאָל ניט געשעהן דאָך,
איך זאָל אזוי עלענד זיין.

כ'וואָלט דיין הארץ דיר קיינמאָל ריהרען,
כ'וואָלט פון ליעבע ניט גערעדט;
נאָר א שטילען לעבען פיהרען
וואָלט איך, וואו דיין אָטעם וועהט.

דאָך דו האָסט מיך נאָר פארשטויסען,
און דו האָסט מיך אויסגעלאכט;
האָסט מיין קראנקע הארץ פארוואונדעט,
און פון זינען מיך געבראכט.

מיינע מיעדע, מאטע גלידער,
שלעפּ איך אין דער פרעמדער וועג,
ביז איך ועל אזוי א מיעדער
פאלען אין א ווייטען וועג...

9.

וואַרט, אַ וואַרט, דו ווילדער שיפער,
כ'געה צום ברעג אַראָפּ מיט דיר;
מיט צוויי פרויען זעגען איך זיך,
מיט איירָאָפּאָ און מיט איהר.

בלוטקוואל, רין פון מיינע אויגען,
בלוטקוואל, שפּריץ פון הארץ ארויס;
מיט מיין הייסען בלוט פארשרייבען
וויל איך מיינע ליידען גרויס.

ליעבסטע, זאָג פארוואָס גראַד איצטער
שרעקסטו זיך מיין בלוט צו זעהן?
האָסט געזעהן מיך בלייך און בלוטען
לאנגע יאָהרען פאר דיר שטעהן.

קענסטו נאָך דאָס אַלטע ליעדעל
פון דעם עפּעל און דער שלאנג,
וואָס האָט אַנגעבראַכט פיעל צרות
אדמ'ען מיט איהר געשאנק?

עפּעל ברייגגען אַלע צרות!
חוה ברייגגט דערמיט דעם טויט;
ערים ברייגגט אויף טראָי די פלאַמען;
דו ברייגגסט ביידע — פלאַם און טויט.

10.

בוימער, בערג און שלעסער קוקען
אין דעם העלען רהיין אריין,
און מיין שיפעל שווימט און וויגט זיך
פרעהליך אין דעם זונענשיין.

שטיל און רוהיג קוק איך צו דעם
גאָלדיג העלען וועלען שפּיל;
און ס׳ערוואַכען די געפיהלען,
וואָס איך טראָג אין הארצען שטיל.

פריינדליך גריסט דער שטראָם און שמייכעלט
און עס ציהט אַראָפּ זיין פּראַכט;
דאָך איך קען איהם — אויבען גלאַנציג,
אונטען אבער טויט און נאַכט.

אויבען לוסט, אין הארצען בייזקייט,
ווי מיין ליעבסטע, שטראָם, ביסטו!
זי קען אויכעט פריינדליך שמייכלען,
לאַכט אויך פרום און מילד ווי רו.

11.

כ׳האָב געמיינט, אז איבערטראַגען
וועל איך קיינמאָל נישט דעם וועה;
און איך האָב איהם דאָך דערטראַגען, —
פרעגט ניט אבער: ווי אזוי?

12.

אויבען, וואו די שטערען גליהען,
מוזען אונז׳רע פריידען בליהען,
די, וואָס פעהלען אונז אויף דר׳ערד:
אפשר איז ערשט לעבענספרייד
נאָך דעם טויט אונז אָנגעגרייט,
און די נאַכט האָרט ליכטיג ווערט.

13.

ווען יונגע הערצער ליידען,
לאכען די שטערען פון זיי;
זיי לאכען און זיי ריידען
פון זיי און זייער וועה:

„עס ליעבען זיך די מענשען
מיט ברען און הארציגקייט,
דאָך מוזען זיי זיך וועהטאָן
און קוועלען ביז צו טויט.

מיר ווייסען ניט פון ליעבע,
וואָס טוט די מענשען וועה,
דרום לעבען מיר אויך אייביג,
און שטאַרבען ניט ווי זיי.“

14.

די וועלדער און פעלדער גרינען,
עס טרילערט די לערך אין דער לופט,
געקומען איז דער פריהלינג
מיט פארבען, מיט ליכט און מיט רופט.

און הער איך די לערכען־געזאַנגען,
ווערט לייכטער מיין שווער געמיט;
און ס'געהט אויף פון מיין הארצען
א טריב און טרויעריג ליעד.

שעהן טרילערט די לערך אין דער לופטען:
„וואָס זינגסטו אזוי טריב און באַנג?“
דאָס איז א ליעד, א פויגעל,
איך זינג דאָס שוין יאָהרענלאַנג.

איך זינג ווען פון פיין און וועהטאג
מיין הארץ צוריסען ווערט;
עס האט שוין דיין באבע, א פויגעל,
דאס טרויריגע ליעד געהערט.

15.

איך האב געטראכט פון איהר ביי טאג,
און האב געטראכט ביז האלבער נאכט.
און ווען איך בין געשלאפען שוין
האט מיך א טרוים צו איהר געבראכט.

זי בליהט שען ווי א יונגע רויז,
און זעהט באנגליקט און פרעהליך אוים.
עס ליגט א רעמעל אויף איהר שוים,
זי שטיקט דרויף ווייסע לעמלעך אוים.

זי קוקט און דאך באגרייפט זי ניט,
פארוואס איך זעה פאראומערט אוים.
„זאג היינריך, זאג וואס טוט דיר וועה,
וואס דו זעהסט אזא בלייכער אוים?“

זי קוקט אזוי, און וואונדערט זיך,
וואס איך קוק ווייגענדיג זי אן.
„זאג, היינריך, זאג פארוואס דו וויינסט,
ווער האט דיר וועה און לייד געטאן?“

זי קוקט מיט רוהיגקייט מיך אן,
דאך איך פון גרויסען וועה פארגעה.
„דו ביסט עס די, וואס טוט מיר וועה,
און אין דער ברוסט, דארט זיצט דער וועה.“

דאָ שטעהט זי אויף, איהר קליינע האנט
לייגט זי מיר אויף דער ברוסט ארויף;
און מיט אמאָל פארגעהט מיין וועה,
און איך וואַך אזוי פרעהליך אויף.

16.

מיר וועלען איצט פרידען מאכען,
איהר ליעבע בלימעלעך מיין.
מיר וועלען איצט פלוידערען, לאכען
און ווידער פרעהליך זיין.

די ווייסע מאַיאַווע גלעקעל,
די רויז מיט'ן רויטען געזיכט,
די נעלקע מיט בונטע פלעקען,
איהר אלע פון פארב און ליכט.

אהער געהט, איהר בלימעלעך מיינע,
און קומט צו מיר אריין —
נאָר מיט דער שלעכטער רעזעדע
וויל איך ניט מעהר חבר זיין.

17.

כ'האָב ליעדער טאָג און נאכט געשריבען,
דאָך איז מיר גאָרנישט ניט פארבליבען;
איך בין אין הארמאָניען געשוואומען,
און דאָך צו גאָרנישט ניט געקומען.

18.

אז כ'האָב דיך ליעב, מיין מאַפּסעל,
דאָס ווייסטו שוין פון לאנג.
ווען כ'גיב דיר צוקער עסען,
לעקסטו מיין האנד פאר דאנק.

דו ווילסט אויך נאָר א תונד זיין,
אַ חונד, באשיידען שטיל:
מיינע איבריגע חברים
פארשטעלען זיך צופיל.

19.

אוודאי איז דיין עצה גוט.
נאָך פליסט אין אונז דאס יונגע בלוט.
מיר גיסען אַן און טרינקען אוים,
מיר קלאפען אַן, זי קומט ארוים.

און ווי נאָר איינע נעהמט אוועק,
קומט אַן די אנדערע אין וועג;
און ווערט דאָ ליידיג אונזער קרוג,
העי פריינד, ביים רחיין נאָך וואקסט גענוג!

## צו דער חופה-נאַכט.

1.

דו קוקסט מיך אַן מיט דיינע קלוגע אויגען
און איך פארשטעה, אז דו האָסט רעכט:
ווי וואָלטען מיר צוזאמעןביידע לעבען,
אַז דו ביסט גוט און איך בין שלעכט.

איך בין דאָך שטענדיג אַזא שלעכטער,
און שפאָטגעשאנקען ברייננ איך איהר,
דעם מיידעל, וואָס איז אַזא גוטע,
און ליעב און אויפריכטיג צו מיר.

2.

אַ, דו קענסט די קיך און קאָכען,
יעדען לאָך און שפּאַלט אין הויז.
וואו מיר שטרעבען נאָר צוזאַמען,
קומסטו שטענדיג אויס פאָראויס.

איצטער הייראַטסטו מיין מיידעל,
ליעבער פריינד, ווי דום דאָס איז,
און נאָך דומער, וואָס דערצו דיר
דאַרף איך שיקען מיינע גריס.

3.

אָך, די ליעבע מאַכט אונז גליקליך,
אָך, די ליעבע מאַכט אונז רייך!
אין דער רוימישער מלוכה
זינגען אזוי אלע גלייך

דו, מיין פריינד, פארשטעהסט די לידער,
זייער קלאַנג און זייער טאָן;
און זיי קלינגען אין דיין הארצען
ביז דער גרויסער טאָג קומט אָן:

ווען דיין כלה, א פארשעמטע,
וועט לעם דיר זיך זוכען רוה;
און דער פאָטער מיט א גאָלדזאַק
ברייננט דיר דאַן זיין ברכה צו.

פול דער זאַק מיט גאָלד און זילבער,
ציכען, בעטצייג — אלץ פאר אייך! —
אָך, די ליעבע מאַכט אונז גליקליך,
אָך, די ליעבע מאַכט אונז רייך!

4.

דאס ווייטע פעלד איז איבערצויגען
מיט בלומענדעקען בונט און ברייט:
עס וועלבט דער וואלד זיך ווי א בויגען,
און פויגעל זינגען דארט מיט פרייד.

עס קומט דער פריהלינג אין קארעטען,
עס גלאנצט זיין אויג, זיין פנים גליהט.
איהר זאלט איהם צו דער חתונה בעטען,
וויל ער ווילט גערן, וואו ליעבע בליהט.

# ראָמאַנצען.

## 1.

### די איינווייהונג.

אין דער קליינער וואלד־קאפעלע,
פאר דער הייליגער מאדאָנאַ
קניהט א פרומער, בלייכער אינגעל
און ער וויינט און בעט אזוי:

„אָ, מאדאָנא! לאָז מיך אייביג
אויף דער שוועל דאָ קניהען, בעטען;
זאָלסט מיך קיינמאָל נישט פארשטויסען
אין דער זינדיג־קאלטער וועלט.

„אָ, מאדאָנא! דיינע לאָקען
פאלען ווי די זונען־שטראהלען:
און א זיסער שמייכעל שפילט זיך
אויף דיין רויזען־רויטען מויל.

„אָ, מאדאָנא! דיינע אויגען
לייכטען מיר ווי העלע שטערען:
שטערען פיהרען אייביג זיכער,
נאָר איך בלאָנזשע שטענדיג אום.

„אָ, מאַדאַנאַ! דיין נסיון
האָב איך פעסט איבערגעטראַגען,
און איך האָב זיך בלינד פארטרויעט
אין דיין גליהענדיגען גלות.

„אָ, מאַדאַנאַ! הער מיך אויס היינט,
און באַגנאַדיג מיך מיט עפּיס:
ווייז מיר היינט פון גנאָד א צייכען,
נאָר פון גנאָד א קליינעם צייכען!"

און דאָ איז א וואונדער געשעהן אויף דער שטעלע,
פארשוואונדען איז פּלוצים דער וואלד און קאַפּעלע,
עס ווייסט ניט דאָס אינגעל ווי דאָס איז געשעהן,
וואָס ער האָט ארום אַלץ פארוואנדלען געזעהן.

געשטאַנען איז ער אין א פּאַלאַץ דערשראָקען,
פאר איהם די מאַדאָנאַ, אָהן שטראהלען די לאָקען,
געשמייכעלט מיט קינדישער פרייד האָט צו איהם,
און ליעב האָט געקלונגען איהר מיידעלשע שטים.

און זעה! פון איהר קאָפּ, פון דעם בלאָנדען, דעם זיסען
האָט גלייך זי א גאָלדענעם לאָק אויסגעריסען,
און האָט זיך געוועגדט מיט א הימלישען קלאַנג:
„נעם צו אויף דער ערד דו דיין בעסטען געשאַנק!"

זאָג איצט, ווער באווייזט די וואונדער?
זעהסטו ניט ווי בונט פארצוויגען
זענען פארבען אין דער בלויקייט?
מענשען רופען ס'רעגענבויגען.

אויף און אָפּ מלאכים שטייגען.
פליגעל רוישען, און זיי זינגען
וואונדערליכע מאָדנע לידער,
זיסע האַרמאָניען קלינגען.

איינגעל האָט עס גוט פאַרשטאַנען,
וואָס מיט בייִנקשאַפטסגלוט איהם ציהען
ווייט אוועק צו יענע לענדער,
וואו די מירטען אייביג בליהען.

2.

דער טרויעריגער.

יעדען טוט עס וועה אין האַרצען,
ווער דעם בלייכען איינגעל זעהט,
איהם, וואָס אויף זיין בלייכען פּנים
וועה און לייד פאַרשריבען שטעהט.

מיטלייד־פולע ווינטלעך קיהלען
גלעטענדיג זיין שטערען צאַרט;
און עס וואָלט איהם ניט איין מיידעל
מיט אַ שמייכעל אָפּגענאַרט.

פון דער שטאָדט און טומעל געהט ער
אין דעם וואַלד נאָך רוה און פריד.
לוסטיג רוישען דאָרט די בלעטער,
לוסטיג קלינגט דאָרט ס'פויגעל־ליעד!

דאָך ווי נאָר דאָס בלייכע איינגעל
אין דעם וואַלד נאָך פרידען קומט,
רוישען טרויריג בוים און בלעטער
און דאָס פויגעל־ליעד פאַרשטומט.

## 3.

### די בארגשטים.

א רייטער רייט דורך בארג און טאל
אין טרויריגען גאלאפ:
„אך,ווארט אויף מיר מיין ליעבסטע איצט,
צי ווארט דער טויט מיך אפ?“
די בארגשטים ענטפערט אפ:
„דער טויט ווארט אפ!“

און וייטער רייט דער רייטערמאן
און וויינט און זיפצט דערצו:
„און רייט איך צו דעם קבר איצט,
מוז זיין אין קבר רוה!“
די בארגשטים גיט אויך צו:
„אין קבר רוה!“

דעם רייטער קייקלען טרערען זיך
פון זיינע באקען טריב:
„און איז אין קבר רוה פאר מיר,
איז מיר דער קבר ליעב.“
די בארגשטים ענטפערט טריב:
„אין קבר ליעב!“

## 4.

### צוויי ברידער.

אויבען אויף דעם העכסטען בארגשפיץ,
ליגט דאס שלאס אין נאכט געהילט.
דאך אין טאל דארט לייכטען בליצען,
העלע שווערדען קלינגען ווילד.

ברידער זענען די וואָס קעמפּען
דאַרטען אונטען מיטאַנאַנד.
זאָג, פאַרוואָס די ברידער קעמפּען
מיט דער שאַרפער שווערד אין האַנד?

גרעפין לאורא׳ס אויגענפונקען
שולדיג איז אין ברידער־קריג:
ביידע זענען ווי באַטרונקען
פאַר דער שענער גרעפינ׳ס בליק.

וועמען אָבער פון די ביידען
האָט איהר הארץ זיך צוגעקעהרט?
קיינער קען דאָס ניט ענטשיידען —
דאָס נאָר קען די שאַרפע שווערד.

און זיי פעכטען מיט די שווערדען,
קלאַפּ אויף קלאַפּ, מיט ווילדער מאַכט.
היט אייך, היט, איהר ווילדע קריגער,
עפּיס שלעכטס ברייננגט היינט די נאַכט.

וועה אייך! וועה אייך! מערדער ברידער!
וועה דיר בלוטיג טאָל און ערד!
ביידע פאַלען טויט אנידער,
איינער פון דעם צווייטענס שווערד. —

פיעל יאַהרהונדערטער פאַרגעהען
און פיעל דורות שטאַרבען אָפּ;
טרויריג פון דעם הויכען באַרגשפּיץ
קוקט דער חורבה־שלאָס אַראָפּ.

דאך אין מאל געשעהט ביינאכט וואס
וואונדערליכעס אויף יענעם ארט;
ווען עס קומט די האלבע נאכט אן,
קעמפען ביידע ברידער דארט.

5.

## דער ארעמער פעטער.

I.

האנס מיט זיין גרעטעל, זיי טאנצען ארום,
און לאכען און זינגען פון פריידען.
און פעטער שטעהט בלאס אין א ווינקעל און שטום,
און קען אזש פון וועהטאג ניט ריידען.

האנס מיט זיין גרעטעל — פאר'קנס'ט און פארליעבט,
זיי פיהלען זיך ווי אין גן־עדן:
דער ארעמער פעטער ביים זייט שטעהט באטריבט,
און בייסט זיינע נעגעל פון ליידען.

דער ארעמער פעטער רעדט צו זיך אליין
און קוקט אזוי שטאר אויף זיי ביידען :
„ווען איך וואלט אצינד אזוי קלוג ניט געווען,
וואלט איך מיט דעם לעבען זיך שיידען.“

II.

מיין הארץ איז פול פון גרויסען וועה,
און וויל מיין הארץ צופליקען;
און וואו איך געה און וואו איך שטעה,
מיך וויל דער וועה דערשטיקען.

ער טרייבט מיך צו מיין ליעבסטער הויז,
דאָרט קען איהם גרעטעל הייל‏ען:
דאָך ווען זי קומט צו מיר אַרויס,
נעם איך פון דאָרט זיך איילען.

איך לאָז זיך געהן ארויף צום באַרג,
דאָרט בלייב איך דאָך אליין מיר:
און ווען איך שטעה שוין אויף דעם באַרג,
דאַן שטעה איך שטיל און וויין מיר.

III.

דער אָר'מער פעטער געהט אין גאַס,
זיין בליק איז שטאַר, זיין פנים — בלאַס.
און ווער עס זעהט אין גאַס איהם געהן,
דער בלייבט אינמיטען פלוצים שטעהן.

די מיידלעך שעפטשען שטיל ארוים:
„ווי ערשט פון קבר זעהט ער אוים!“
אך ניין, איהר ליעבע מיידלעך, ניין,
ער וועט ערשט אין דעם קבר געהן.

זיין מיידעל האָט איהם אבגענאַרט,
דערפאַר אויף איהם א קבר וואַרט,
וואו ער וועט קענען רוהיג זיין
און שלאָפען ביז'ן טאָג אריין.

.6

ליעד פון א געפאַנגענעם.

אמאָל האָט מיין באבע פאַר'כשופ'ט א מיידעל,
געוואָלט האָט דאָס פאָלק זי אומברייננען.
דאָך זי האָט אויך דעמאָלט ניט מודה געווען,
ווען געפּרואווט האָט דער ריכטער מיט שטרייננען.

דערנאָך, ווען מען האָט זי פארוקט אין א טאָפּ,
האָט זי אזוי שרעקליך געשריען.
דאָך פלוצים איז זי גאָר ארויס ווי א ראָב,
ווען דער דאמף האָט גענומען זיך ציהען.

א, שווארצע באפליגעלטע באבעניו מיין!
א קום מיך אין תפיסה באזוכען!
קום פליה דורך די אייזערנע גראטעס אריין,
און ברייננ מיר אהער קעז און קוכען.

א, שווארצע באפליגעלטע באבעניו מיין!
איך בעט דיך, אז דו זאָלסט אויך זאָרגען,
מיר זאָל ניט די מוהמע די אויגען אויספּיקען,
ווען איך וועל ארויספליהען מאָרגען.

## 7.

## די גרענאַדירען.

פון רוסלאנד'ס געפאנגענשאפט זענען קיין פראנקרייך
צוויי גרענאַדירען געגאנגען.
און ווי נאָר זיי זענען קיין דייטשלאנד געקומען,
האָט זיי אזא טרויער געפאנגען.

געהערט דאָרט די טרוי'ריגע נייס האָבען זיי:
ס'איז פראנקרייך פארלוירען געגאנגען;
באזיגט און צושלאָגען איז פראנקרייך'ס ארמיי,
דער קייזער, דער קייזער — געפאנגען.

און הערענדיג ביידע די טרויריגע נייס,
געוויינט האָבען די גרענאַדירען.
האָט איינער געזאָגט: „ווי וועה איז צו מיר,
די נייס וועט פון זינען מיך ריהרען."

האָט דער צווייטער געזאָגט: ס'איז אַ סוף צו דעם ליעד,
איך וואָלט אויך מיט דיר איצט געשטאָרבען,
דאָך האָב איך אַ ווייב און אַ קינד אין דער היים,
זיי ווערען אָהן מיר דאָרט פאַרדאָרבען." —

„וואָס אַרט מיך מיין ווייב און וואָס אַרט מיך מיין קינד?
איך האָב איצט אַנ'אַנדער פאַרלאַנגען;
געהן זאָלען זיי בעטלען אין שניי און אין ווינד —
מיין קייזער, מיין קייזער געפאַנגען!

„איך בעט דיך, מיין פריינד, טו אַ חסד מיט מיר:
אויב ס'וועט איצט מיין לעצטע שעה שלאָגען,
נעם מיט מיינע ביינער קיין פראַנקרייך מיט דיר,
דאָרט זאָלסטו צו קבורה מיך טראָגען.

„דעם עהרענ־מעדאַל אויף דעם רויטען באַנד,
זאָלסטו אויף מיין הארצען מיר לעגען;
און גיב מיר די קוילען און ביקס אין דער האַנד,
און גירט אַן אַרום מיר דעם דעגען.

„אַזוי וויל איך ליגען און צוהערען שטיל
אַזוי ווי אַ וואַך, אין דער ערד דאָרט,
ביז כ'וועל אַמאָל הערען קאַנאָנען־געבריל,
און הירזשען און יאָגען פון פערד דאָרט.

„דער קייזער וועט רייטען דאַן איבער מיין קבר,
און שווערדען פיעל קלינגען און בליצען;
דאַן שטייג איך באַוואָפענט אַרויס פון דעם קבר,
דעם קייזער, דעם קייזער צו שיצען!"

8.
## די שליחות.

מיין קנעכט, געה זאטעל אן דאס פערד,
און שפרינג געשווינד ארויף,
און לאז זיך דורך דעם וואלד און פעלד
צום קעניג דונקאנ'ס הויף.

דארט גנב'ע זיך אין שטאל אריין,
און פארשביים שטאל־יונג אוים:
„זאג, וועלכע טאכטער איז פאר'קנס'ט
אין קעניג דונקאנ'ס הויז?"

און ענטפערט ער: „די ברוינע איז" —
גלייך ברייננ די נייס אהער.
דאך אויב עס איז די בלאנדע גאר,
דאן אייל זיך שוין נישט מעהר.

נאר רייט אוועק צום שטריקער'ס הויז,
און קויף פאר מיר א שטריק,
און רייט דאן שוויינעדיגערהייט
מיט איהם אהיים צוריק.

9.
## אהיים.

איך וועל אליין נישט געהן, מיין טייערע,
דו מוזט מיט מיר אויך געהן
צו דעם קאלטען, טריבען טרויעריגען הויז,
וואו מיין אלטע, ליעבע מאמע קוקט ארוים,
וואו מיין אלטע, ליעבע מאמע זיצט ביים טיר
אוןווארט איך זאל אהיימקומען צו איהר.

„אך, געה אוועק פון מיר דו טריבער מאן!
ווער האָט דיך גערופען?
עס בריהט דיין אָטעם, דיין האַנט איז אייז,
עס גליהט דיין אויג, דיין פּנים — ווייס;
איך אבער וויל ארומגערינגעלט זיין
פון רויזענדופט און זונענשיין.“

לאָז דופטען די רויזען, לאָז שיינען די זון,
אָ, הארציגע מיין!
דו טו דעם וויסען חופּה שלייער אָן,
און ציה די סטרונעס פון דיין לייער אָן,
און זינג דערביי א חופּה ליעד;
דער נאכטווינד פייפט דעם ניגון מיט.

10.

## דאָן ראַמירא.

„דאָנא קלאַרא! דאָנא קלאַרא!
איך האָב יאַהרענלאַנג דיך ליעב שוין.
דאָך ווילסטו איצט אָהן רחמנות
דורך דעם שיידען מיך פאַרניכטען.

„דאָנא קלאַרא! דאָנא קלאַרא!
ס'איז דאָס לעבען אזוי זיס דאָך!
שוידערליך איז אָבער אונטען
אין דעם טונקעל־קאַלטען קבר.

„דאָנא קלאַרא! דאָנא קלאַרא!
פרעה זיך, מאָרגען וועט פערנאַנדאָ
דיך אונטער דער חופּה פיהרען, —
ועסטו מיך כאָטש אויך פאַרבעטען?“ —

„דאָן ראַמיראָ! דאָן ראַמיראָ!
דײַנע װערטער זענען ביטער,
ביטרער פֿון דעם שפּרוך פֿון שטערן,
װעלכע שפּעטען פֿון מײַן װילען.

„דאָן ראַמיראָ! דאָן ראַמיראָ!
װאַרף אַװעק די שטות׳עריײען;
מײדלעך זענען פֿיעל פֿאַראַנען —
אונז האָט אָבער גאָט צושײדט.

„דאָן ראַמיראָ! דאָן ראַמיראָ!
האָסט פֿיעל מאָהרען בײגעקומען,
שטאַרק דיך איבער דיך אַלײן אױך —
צו מײַן חתונה קום מאָרגען!“

„דאָנאַ קלאַראַ! דאָנאַ קלאַראַ!
יאָ, איך שװער דיר איך װעל קומען!
כ׳װיל מיט דיר נאָך אײנמאָל טאַנצען;
גוטע נאַכט, כ׳װעל מאָרגען קומען.“ —

„גוטע נאַכט!“ — עס רױשט דאָס פֿענסטער.
אונטען איז נאָך דאָן ראַמיראָ
לאַנג געשטאַנען װי פֿאַרשטײנערט;
דאַן פֿאַרשװאונדען אין דער פֿינסטער. —

לאַנגזאַם איז די נאַכט פֿאַרשװאונדען,
און געקומען איז דער מאָרגען;
װי אַ בונטער בלומען־גאָרטען
שפּרײט זיך, ברײט זיך װײט טאָלעדאָ.

פיעל געביידען און פּאַלאַצען
האָט די זון ארומגענומען;
און די הויכע קלויסטער טורעמס
שיינען, לייכטען, ווי פארגאָלדעט.

זשומענדיג אזוי ווי ביהנען,
קלינגען העלע קלויסטער גלאָקען;
ליעבליך שטייגען אויף די תפילות
פון גאָטס פרומע טעמפּעל-הייזער.

אבער דאָרטען, זעה נאַר, זעה נאַר!
דאָרטען פון דער מארק-קאַפּעלע,
אין דעם גרויסען רויש און טומעל,
שטראָמען בונטע מענשען כוואַליעס.

בלאַנקע ריטער, און די פרויען
אנגעטאָן אין גאָלד און זילבער;
און די העלע גלאָקען קלינגען,
און דער אָרגעל רוישט דערצווישען.

אין דער מיטען פון דער מענגע,
אָנגעטאָן אין בלאַנקער צירונג,
געהן די יונגע חתן-כלה,
דאָנאַ קלאַרא, דאָן פערנאַנדאָ.

צו דעם חתנ'ס פּאַלאַץ-טויער,
ציהט דער בונטער שטראָם זיך לאַנגזאַם;
דאָרטען הויבט זיך אָן די סעודה,
פּרעכטיג, און נאָך אַלטען שטייגער.

ריטער־שפּילען און די שפּייזען
בייטען זיך אין רויש און יובעל;
רוישיג־שנעל פאַרגעהן די שעה'ען,
און דער אַבענד לאָזט אַראָב זיך.

און עס נעמען זיך פאַרזאַמלען
אַלע געסט צום גרויסען טאַנץ־זאַל;
און עס נעמען אַלע טאַנצען
אין דעם גלאַנץ פון בונטע ליכטער.

אויף צוויי הויכע שטוהלען זעצען
חתן־כלה זיך אַנידער,
דאָנאַ קלאַראַ, דאָן פערנאַנדאָ
און זיי ריידען ביידע ליעבליך.

און אין זאַל זיך פרעהליך כוואַליען
די פאַרפּוצטע מענשען־כוואַליעס;
און די פּויקען קלאַפּען, שאַלען,
און עס רוישען די טרומפּייטען.

„דאָך, פאַרוואָס, אָ שענע האַרין,
זענען שטענדיג דיינע בליקען
נאָר געווענדט צו יענעם ווינקעל?"
האָט געוואונדערט זיך דער ריטער.

„זעהסטו דען ניט, דאָן פערנאַנדאָ,
דאָרט דעם מאַן אין שוואַרצען מאַנטעל?"
און דער ריטער שמייכעלט פריינדליך:
„אַך, דאָס איז דאָך נאָר אַ שאָטען."

דאָך עס געהנטערט זיך דער שאָטען,
און עס איז א מאַן אין מאַנטעל;
און דערקענענדיג ראַמירא'ן,
גריסט איהם קלאַרא, א פארשעמטע.

און דער טאַנץ האָט אָנגעפאַנגען,
פרעהליך דרעהען זיך די טענצער
אין דעם ווילדען קרייז פון וואַלצער,
און עס ציטערען די דילען.

„איך וועל גערען, דאָן ראַמירא,
געהן אצינדער מיט דיר טאַנצען,
דאָך אין נאַכטיג־שווארצען מאַנטעל
האָסטו נישט באַדאַרפט צוקומען."

און מיט שטאַרע, שטרייגגע אויגען
קוקט ראַמירא אויף דער ליעבער,
נעהמט אַרום זי און ער טומעלט:
„האָסט געזאָגט דאָך, איך זאָל קומען!"

און אין שנעלען טאַנץ און טומעל
דרעהען שנעל זיך ביידע טענצער:
און די פויקען קלאַפּען, שאַלען,
און עס בלאָזען די טרומפייטען.

„שנייוווייס זענען דיינע באַקען!"
שעפּטשעט קלאַרא שטיל און ציטריג.
„האָסט געזאָגט דאָך, איך זאָל קומען!"
קלינגען טעמפּ ראַמירא'ס ווערטער.

און די ליכט אין טאנץ־זאל פינקלען
דורך די כוואליענדיגע טענצער ;
און די פויקען קלאפען, שאלען,
און עס בלאזען די טרומפייטען.

„אײז־קאלט זענען דײנע הענט דאך !"
שעפטשעט קלארא שטיל און ציטריג.
„האסט געזאגט דאך, איך זאל קומען !"
און פארשווינדען אין דעם טומעל.

„לאז מיך, לאז מיך ! דאן ראמירא !
מתים־דופט איז דאך דיין אטעם !"
נאכאמאל די טונקלע ווערטער:
„האסט געזאגט דאך, איך זאל קומען !"

און די דילען פינקלען, גליהען,
לוסטיג קלינגען פידעל־טענער;
ווי א כישוף־נעץ, א בונטער,
דרעהט זיך אלעס אין דעם טאנץ־זאל.

„לאז מיך, לאז מיך ! דאן ראמירא !"
קלינגט עס טרויעריג אין טומעל.
דאך ראמירא ענטפערט ווידער :
„האסט געזאגט דאך איך זאל קומען !"

„נו, טא גיעה איצט אין גאטס נאמען !"
מיט א פעסטער שטים זאגט קלארא,
און דאסווארט איז קוים פארקלונגען,
ווען פארשוואונדען איז ראמירא.

טויט־בלייך זעהט אוים דאַנאַ קלאַרא,
ס'האָט די נאַכט ארומגעהילט זי;
און חלשות, האָט די שענע,
אין איהר טונקלען לאַנד פארפיהרט.

דאָך דער נעבעל איז פארשוואונדען,
אויפגעמאכט האָט זי די אויגען;
אָבער שרעקען ווילען ווידער
איהרע ליעבע אויגען שליסען.

זינט דער טאַנץ האָט אַנגעפאנגען,
האָט זי ניט איהר פּלאַץ פארלאַזען,
און זי זיצט נאָך לעבען חתן,
און דער ריטער בעט מיט שרעק זי:

„זאָג, וואס בלייכט אזוי דיין פּנים?
זאָג, פארוואָס דיין אויג ווערט טונקעל?" —
„און ראמירא—?" — שטאַמעלט קלארא,
און איהר צונג פארשטומט פון שרעקען.

דאָך מיט טיפע, ערנסטע קנייטשען,
קנייטשט זיך איצט דעם חתן'ס שטערען:
„הארין, פרעג ניט פאר די נייעס —
ס'איז ראמירא היינט געשטאָרבען."

## 11.

## בלשאצר.

די טיפע נאכט האָט וויט און ברייט
זיך איבער בבל אויסגעשפּרייט.

נאָר אויבען אין דעם קיניג'ס שלאָס,
דאָרט ליארמען דעם קיניג'ס קנעכט אָהן מאָס.

בלשצר זיצט איז גלאַנץ און פּראַכט
ביים מאַלצייט, וואָס ער האָט געמאַכט.

עס זיצען די קנעכט אין די רייהען, אין שיין,
און לערען די בעכערס מיט גליהיגען וויין.

עס קלינגען די בעכערס, עס הוליען די קנעכט;
אזוי קלינגט דעם רוהלאָזען קיניג אַלץ רעכט.

דעם קיניג'ס פּנים לייכט אין גלוט;
דער וויין גיט איהם צו פרעכען מוט.

און ס'טרייבט דער מוט איהם בלינדערהייט;
און ער לעסטערט די גאָטהייט מיט זינדיגע רייד.

און ער שרייט אזוי פרעך, און ער לעסטערט און שילט!
עס אפּלאַדירען די קנעכט איהם ווילד.

ס'באַפעהלט דער קיניג מיט א בליק;
דער דינער איילט און קומט צוריק.

ער קמוט מיט פיעל גאָלדענע כלים צוגעהן,
וואָס זענען אמאָל אין בית־המקדש געווען.

און דער קיניג נעמט אָן מיט זיין זינדיגער האנד,
א הייליגען בעכער, געפילט ביז'ן ראַנד.

און ער לערט איהם אוים ביז'ן דנאָ מיט אמאָל.
און רופט מיט זיין שוימיגען מויל אויפ'ן קול:

„יהוה! זיי וויסען, איך שיק דיר מיין שפּאָט, —
כ'בין קיניג פון בבל, און שטאַרק ווי א גאָט!"

ווי ס'איז נאָר פארקלונגען דאָס שרעקליכע וואָרט,
דעם קיניג באַפאַלט אַזאַ שרעק אויף זיין אָרט.

דאָס שרייען, דאָס לאַכען ווערט שטיל און ווערט שטום;
א טויטע שטילקייט נעמט אַלץ ארום.

און זעה! און זעה! אויף דער ווייסער וואַנד
באַווייזט זיך וואָס, ווי א מענשענהאַנד.

ער שרייבט און שרייבט אויף דער וואַנד און צינדט
אַן אותיות פון פייער, ער שרייבט און פארשווינדט.

דער קיניג קוקט און שטאַרט פון שרעק;
עס שטאַרבט פון שרעק זיין האַרץ אַוועק.

און איין קנעכט קוקט דעם צווייטען אָן,
און ווייסט פון שרעק ניט וואָס צו טאָן.

עס קומען די מאַגיער, דאָך קיינער פארשטעהט,
וואָס אויף דער וואַנד געשריבען שטעהט.

בלשאצר איז אבער אין דערזעלביגער נאַכט
פון זיינע קנעכט געוואָרען אומגעבראַכט.

## 12.

## די מינעזינגער.

צו דעם וועטגעזאַנג איצט קומען
מינעזינגער פון דער וויים;
איי, וועט דאָס זיין א טורנירען
און וואָס פאַר א זעלטנער שטרייט.

פאנטאזי, די צארטיג ווילדע
איז דעם מינעזינגערס פערד;
און די קונסט, דאס איז זיין פאנצער,
און דאס ווארט, דאס איז זיין שווערד.

פון באלקאן די שענע דאמען
קוקען אוים שוין אויף דער שעה,
דאך די שענסטע מיט דער שענסטער
לארבערקרוין איז דארט ניטא.

אנדרע — זענען, ווען זיי שפרינגען
אין דעם קאמף אריין געזונד;
דאך מיר מינעזינגער קומען
צו דעם קאמף שוין מיט א וואונד.

און פון וועמעס הארץ עס בלוטעט
הארציגער זיין ווערה־געזאנג,
דער איז זיגער, און באקומט דאן
פון דער שענסטער'ס מויל א דאנק.

13.

## ביים פענסטער.

דער בלייכער היינריך געהט פארביי,
שען העדוויג זיצט ביים פענסטער.
זי זאגט צו זיך: „גאט, שטעה מיר ביי,
ער זעהט אוים בלייך, ווי געשפענסטער."

דער בלייכער היינריך קוקט אריין
צו העדוויגען אין פענסטער.
שען העדוויג ווערט פון ליעבעספיין,
אויך בלייך אזוי ווי געשפענסטער.

די שענע הערדוויג שטעהט און שמאכט
טאָג־טעגליך ביי דעם פענסטער.
דאָך רוהט זי אויף היינריך'ס ברוסט ביינאכט,
אין צייט פון די געשפענסטער.

## 14.
## דער קראַנקער ריטער.

איך קען א מעשה'לע, א טריבע,
עס קלינגט שוין אזוי אלט:
א ריטער ליגט קראַנק פון ליעבע,
דאָך בלייבט זיין ליעבסטע קאלט.

פאר אונטריי מוז ער פאראכטען,
די הייסגעליעבטע זיין;
ער מוז פאר שאַנד נאָר באטראכטען
זיין אייג'נע ליעבעספיין.

ער וואָלט צו דעם קאמפ־פּלאץ רייטען
און רופען די ריטער צום שטרייט:
„דער זאָל צו דעם קאמף זיך גרייטען,
ווער עס טוט מיין ליעבסטער לייד!"

עס וואָלטען אלע געשוויגען,
נאָר ניט זיין איינענער פיין.
דאָ וואָלט ער זיך מוזען באזיגען
און שטעכען אין הארץ זיך אליין.

## 15.
## אויפ'ן וואסער.

איך שטעה ביים מאסטבוים אָנגעלעהנט,
די שיף פאָהרט אָב פון ברעג;
אָ זיי געזונד, מיין פאטערלאנד!
איך פאָהר פון דיר אוועק!

איך פאָהר פאָרביי מיין ליעבסטערס הויז,
די פענסטער שיינען ריין;
איך קוק מיר מיינע אויגען אויס,
דאָך קען איך קיינעם זעהן.

איהר, טרערען מיינע, טריקענט אויס,
איך וועל נאָך ווערען בלינד.
קראַנקע האַרץ, טראָג איבער שטיל
דעם גרויסען וועה אצינד!

16.

## דאָס ליעד פון חרטה.

הער אולריך רייט אין גרינעם וואַלד,
עס רוישען בוים און בלעטער,
א ליעבע מיידעלשע געשטאַלט
דורך בוים און צווייגען זעהט ער.

הער אולריך זאָגט: „מיר איז באַקאַנט
דאָס בליהענדיגע בילד דאָרט.
עס פאָלגט מיר נאָך אַלץ נאַכאַנאַנד,
אין שטאָדט און אויך אין ווילד אָרט.

ווי רויזען צוויי, די ליפען דאָרט,
די ליעבליכע און פרישע:
דאָך ניט איין שלעכט און ביטער וואָרט
זיך שלייכט דאָרט דורך דערצווישען.

ס'איז ווי א רויזענקוסט איהר מויל
מיט זיינע רויטע ליפען,
וואו שלאַנגען האָבען זיך א הייל,
און ליגען דאָרט און שיפּען.

און איהרע באַקען גריבעליך,
זיי האָבען מיך געפאַנגען.
דאָס איז דער גרוב, וואו ס'טרייבען מיך
משוגע'נע פערלאַנגען.

איהר קאָפּ פאַרצירט א לאָקענראַד,
ווי גאָלדיג־דייפע זאַנגען.
דאָס איז די נעץ, מיט וואָס עס האָט
דער טייוועל מיך געפאַנגען.

און יענע אויגען אין געזיכט,
ווי בלויע, טיפע ים'ען,
געמיינט, דאָרט לייכט דאָס הימעל־ליכט,
דאָך ברענט דאָרט גיהנום פלאַמען." —

הער אולריך רייט אין טיפען וואַלד,
עס רוישען טריב די בלעטער.
ווייט־ווייט, אַנ'אַנדערע געשטאַלט,
א טרויריג־בלייכער זעהט ער.

הער אולריך זאָגט: „אָ מאַמע מיין,
האָסט מוטערליך געליעבט מיך,
דאָך איך האָב שטענדיג, מאַמע מיין,
מיט וואָרט און טאַט באַטריבט דיך!

אָ, וואָלט איך קענען מיט מיין גלות
דיר טריקענען די טרערען;
דיין פּנים פאַרבען מיט מיין בלוט,
ס'זאָל רויט און פאַרביג ווערען!"

און ווייטער רייט חער אולריך.
אין וואלד נעמט טונקעל ווערען,
דאס שעפטשענען פון שטימען פיעל
אין אבענט־ווינד זיך הערען.

חער אולריך הערט זיין אייגען ליעד
דארט פיל מאל ווידער קלינגען
דאס זענען די וואלד־פייגעלעך,
וואס צוויטשערען און זינגען:

„הער אולריך זינגט א שענע ליעד,
ס׳איז פון חרטה־ליעדער,
און ווי ער ענדיגט נאר דאס ליעד,
ער זינגט אויף ס׳ניי עס ווידער.“

17.

## די לעהרע.

מוטער צום ביהנדעל קליין:
„היט דיך פאר לאמפענשיין!“
ס׳ביהנדעל ביים ליכט זיך דרעהט,
הערט ניט וואס מוטער רעדט.

פלאטערט ביים ליכט ארום,
פליהט און זשומט זום־זום־זום,
הערט ניט די מוטער שריי׳ן:
„ביהנדעל מיין! ביהנדעל מיין!“

יונגע בלוט, ווילדע בלוט
ציהט צו דעם פלאמענגלוט,
פליהט אין דעם פלאם אריין, —
„ביהנדעל מיין! ביהנדעל מיין!“

פלאַקערט איצט פייער־רויט,
פלאַם גיט דעם פלאַמען־טויט. —
„היט זיך פאַר מיידעלעך,
זיהנדעלעך, זיהנדעלעך!“

18.

## צוי'ן אַ זינגערין.

וועון זי האָט געזונגען אַן'אַלטען ראָמאַנס.

איך טראַכט נאָך פון דער וואונדערשענער,
ווי איך האָב זי אַמאָל געזעהן.
ווי איהרע טענער ליעבליך קלינגען,
און היימליך זיס אין הארצען דרינגען
און ווי געוויינט כ'האָב ביי איהר זינגען —
איך ווייס נישט ווי דאָס איז געשעהן.

אַ טרוים איז איבער מיר געקומען:
איך פיהל, ווי כ'וואָלט געווען אַ קינד,
כ'זיץ אין מיין מאַמעס פרומען צימער,
אַ שטילער ביי דעם לאַמפּענשימער
און לייען מעשה'לעך ווי אימער,
אין דרויסען וועהט די נאַכט און ווינד.

די מעשיות הויבען אָן צו לעבען,
די ריטער שטעהען אויף פון דר'ערד;
ביי ראָנציסוואַל דאָרט נעמט מען שטרייטען,
עס קומט העך ראָלאַנד שנעל צו רייטען,
פיעל בראַווע פאַזשען ביי די זייטען,
אויך שופט גאַנעלאָן אויף זיין פערד.

דורך איהם ווערט האָלאנד שוועד פארוואתדעט,
ער שווימט אין בלוט און אָטעמט קוים;
ווען ס'וואָלט אין וויט זיין הארענצייכען
דעם גרויסען קאראָל'ם אויער גרייכען —
דער ריטער אבער נעמט פארבלייכען —
און מיט איהם שטארבט אויך אָפּ מיין טרוים.

און פון דעם טרוים האָט אויפגעוועקט מיך
אַ הארציג און פארווירט געשריי.
פארקלונגען איז איצט די לעגענדע,
די מענשען פּאטשען, ווי פארבלענדטע,
און שרייען „בראוואָ!“ אָהן אַנ'ענדע;
די זינגערן נויגט זיך טיף פאר זיי.

## 19.

## דאָס ליעד פון די דוקאטען.

אך איהר גאָלדענע דוקאטען מיין,
וואו קענט איהר עם איצטער זיין?

זיינט איהר ביי די גאָלד'נע פישלעך,
די וואָס שווימען שטיל און שטום
הין און הער אין טייך ארום?

זיינט איהר ביי די גאָלד'נע בלימלעך,
די וואָס פינקלען העל אזוי
אויף דעם פעלד אין מאָרגענטוי?

זיינט איהר ביי די גאָלד'נע פייגעל,
די וואָס פליהען אומעטום
אין דער בלויער לופט ארום?

זיינט איהר ביי די גאָלד'נע שטערען,
די וואָס לאכען אזוי העל
יעדע נאכט אויף גאָט'ס באפעהל?

אך, איהר גאָלדענע דוקאטען מיין,
שווימט נישט אין דעם טייך ארום,
פינקעלט נישט אין מאָרגענטוי,
פליהט נישט אין דער לופט ארום,
לאכט ניט יעדע נאכט אזוי —
מיינע מלוים שטאַרק און רייך,
האלטען אין די לאפּעס אייך...

20.

## אַ שמועס אויף דעם פּאַדערבאָרנער סטעפּ.

הערסטו ניט די וויימע טענער,
ווי פון פידעל און פון פלייט?
שענע מיידלעך, יונגע מענער,
טאַנצען דאָרטען זאַלבעצווייט.

„איי, מיין פריינד, דיר דאכט זיך אוים נאָר,
רעדסט פון פידלען איצט אומזיסט;
איך הער פּאַרקען נאָר און גרונצען
די חזירים אין דעם מיסט.“

הערסטו ניט דעם האָרען בלאָזען?
יעגער פרעהען זיך אויף יאגד;
לעמער פּאשען אין די גראזען.
ס'פייפט דער פּאסטוך צו צום טאקט.

„איי, מיין פריינד, דאָס איז קיין האָרען,
ס'איז אויך ניט קיין פאסטוך־ליעד;
דאָרטען טרייבט אהיים דער פאסטוך
די חזרים טריט־ביי־טריט“.

הערסטו נישט דאָס ווייטע זינגען,
ווי פון וועטגעזאנג דאָס קול?
און מלאכים מיט די פליגעל
אפלאָדירען יעדעס מאָל.

„איי, מיין פריינד, דאָס ווייטע זינגען,
איז ניט פון קיין וועטגעזאנג;
טרייבענדיג אהיים די גענזלעך
זינגט דאָס אינגעל מיט זיין גאנג.“

הערסטו ניט די קלויסטער גלאָקען
קלינגען העל און ווייט ארום?
דאָרטען געהען קלויסטער־געהער
צו דער דאָרפקאפעלע פרום.

„איי, מיין פריינד, דאָס זענען גלאָקען
פון דעם אָקס און פון דער קוה,
וועלכע געהען פון דער פאשע
מיעד צו זייער שטאָל נאָך רוה.“

הערסטו ניט די שטילע גריסען?
זעהסטו ניט דעם שלייער וועהן?
דאָרטען זעה איך מיין געליעבטע
שטיל מיט פייכטע בליקען שטעהן.

„איי, מיין פריינד, איך זעה נאָר דאָרטען
א מכשפה'ס א געשטאַלט;
מיאוס און מאָגער, אויף צוויי קוליעס
קומט זי הינקענדיג פון וואַלד."

נו, מיין פריינד, דו מעגסט זיך לאַכען,
פון די פראַגען, פיעל דיר גלוסט;
וועסטו אויך צו גאַרנישט מאַכען,
וואָס איך טראָג פעסט אין מיין ברוסט?

21.

## טרוים און לעבען.

דער טאָג האָט געגליהט, און מיין האַרץ האָט געגליהט,
איך האָב שטיל געטראָגען מיין וועה מיט זיך מיט.
און ווי נאָר די נאַכט איז געקומען צוגעהן,
האָב איך זיך געלאָזט צו דעם רויזענקוסט געהן.

איך האָב זיך גענעהנט אזוי שטיל, אזוי שטום,
און שטיל איז געוועזען אַרום און אַרום;
איך קוק אין דעם רויזיגען בעכער אריין:
דאָ גליהט אזא העלער און ליכטיגער שיין.

איך בין דאָרט אנטשלאָפען געוואָרען ביים בוים;
איך האָב דאָרט געטרוימט אזא ליעבליכען טרוים;
א רויזיגע מיידעל איז געשטאַנען לעם מיר,
פאַרשנירט איז איהר בוזעם מיט רויזיגע שניר.

זי האָט מיר געגעבען וואָס גאָלדיגס און גרויס;
איך האָב דאָס געבראַכט אין א גאָלדענעם הויז.
אין הויז זעהט עס אויס אזוי בונט ווי א בלום,
דאָ דרעהט זיך א פּאָרעל אַרום און אַרום.

דאַ טאַנצען צוועלף טענצער אַרום נאָכאַנאַנד,
זיי האַלטען געשלאָסען אַ האַנד אין אַ האַנד;
און איידער עס איז דאַ איין טאַנץ נאָך פאַרביי,
זיי טאַנצען אַן׳אַנדערען טאַנץ שוין אויף ס׳ניי.

עס זומט מיר אין אויער דער טאַנץ און מוזיק:
„דאָס שענסטע פון איצטער קומט קיינמאָל צוריק;
דיין לעבען געוועזן איז ניט מעהר ווי אַ טרוים
און די שעה איז נאָר אַ טרוים אין אַ טרוים“. —

אוועק איז דער חלום, עס טאָגט שוין אַרום,
איך קוק זיך אַרום צו דער בליהענדער בלום. —
וועה! אַנשטאָט דעם העלען און ליכטיגען שיין,
דאָרט פּויזעט אַ וואָרעם און עסט זיך איצט איין.

22.

## לעבענסגרוס.

פון אַן׳אַלבום.

אַ גרויסער וועג איז אונזער ערד,
און מיר זענען די פּאַסאַזשירען;
מען לויפט און מען יאָגט, צו פוס און אויף פערד,
ווי לויפער און קוריערען.

מען טרעפט זיך אין וועג, און מען נייגט זיך, מען גריסט,
מען ווינקט מיט דער האַנד פון דעם וואַגען;
מען וואָלט זיך אויף גערען געהאַרצט און געקושט,
דאָך לויפען די פערד און זיי יאָגען.

קוים טרעפען מיר זיך נאָך אויף דער סטאַציאָן,
מיין האַרציגער פרינץ אַלעקסאַנדער,
דאַ בלאָזט שוין צום אָבפאָהרען דער פּאָסטיליאָן,
און שיידט אונז שוין ווידער פאַנאַנדער.

## 23.
## בערלין.

בערלין! בערלין! דו גרויסער יאַמערטאַל,
ביי דיר איז נאָר צו טרעפען שרעק און לייד אָהן צאָהל.
דער אָפיציר איז היציג, — און שרעקליך איז כעס:
און מיזעראבעל איז דאָס לעבען אויף דער גאַס.

און קומט נאָר אָן דער זומער,
ווערט שטיקענדיג און היים:
מיר מוזען עקסערצירען,
אז ס'רינט אונז אזש דער שוויים.

קום איך אויף וואכפּאַראַדע
און טו זיך פאלש א דרעה,
צעשרייט דער אדיוטאַנט זיך:
„דעם קערל פון דער רייה!"

„דעם רוק־זאק ארונטער,
דעם זעבעל לייג אָפּ,
און שלאָגט ביז ער וועט דאָ
פארלירען זיין קאָפּ!"

און ווען ס'ווערט ווידער שלום,
וואָס קען מיט אונז געשעהן?
וואו קענען מיר דערנאָכדעם
אָהן קראפט און כח געהן?

פריינד, דעמאָלט וועט דאָס הייסען:
א פויגעל אָהן א נעסט!
דו הייננ זיך אָן א טאָרבע,
ביסט דאָך סאָלדאט געוועזן.

# סאָנעטען.

## צו א. וו. פאָן שלעגעל.

### 1.

דאָס שטענדיג צווייפלען איז דער ערגסטער ווארעם,
ניט טרויען זיך אליין — דער ערגסטער סם.
דאָס האָט גענאָגט דעם זאפט מיר פון מיין שטאַם,
ווען כ'בין געוועזן א צווייגעל שוואך און אָרים.

דיין וואָרט האָט מיך געשטאַרקט, געמאַכט מיך דרייסטער,
ווען דו האָסט מיך, דעם שוואַכען צווייג, דערזעהן.
און וועט דער צווייג אויך בליטהען טראָגען ווען,
דאַן וועל איך דאנקען דיר נאָר, הויכער מייסטער.

און מעגסטו ווייטער נאָך מיט ליעבע ווארטען,
ביז ס'וועט דער צווייג א בוים זיין אין דעם גאָרטען
פון יענער פעע, וואָס האָט דיך געוועהלט.

פון יענעם גאָרטען האָט מיין אָם דערצעהלט:
דאָרט הערט מען אהן אן אויפהער טענער קלינגען,
די בלומען רעדען, און די ביימער זינגען.

### 2.

אין קרינאָלין, מיט בלומען רייך באַציערט
און מיט חן־פלאַסטערלעך איז זי געגאַנגען.
אין שנאָבעלשיך, מיט שטיקערייַ באַהאַנגען,
און הויך פריזירט, און ווי א וועספ געשנירט.

די גאסענמוזע, רייך אזוי פארציערט,
געשוועבט האָט פאר דיין בליק, דיין הארץ צו פאנגען:
גאָר גלייכגילטיג ביזטו פארבייגעגאנגען,
פון טונקעלע פארלאנגען ווייט געפיהרט.

אין וויסט פאר זיך א שלאָס האסטו דערזעהן,
און ערליך, ווי א בילד פון מארמארשטיין,
א יונג־פרוי איז פארצויבערט דאָרט געלעגען.

דער צויבער איז פארשוואונדען אין דער נאכט,
און דייטשלאנד׳ס עכטע מוזע האָט ערוואכט
און האָט געאיילט מיט ליעבע דיר אנטקעגען.

## צו מיין מוטער ב. היינע.

1.

איך בין געוועהנט מיין קאָפּ גאנץ הויך צו טראָגען,
כ׳בין שטענדיג שטאָלץ און הארטנעקיג געווען,
און מעג א קעניג מיך באגריסען ווען,
איך וועל אָהן שרעק זיין קאַלטען בליק פארטראָגען.

דאָך, ליעבע מוטער, אָפען מוז איך זאָגען:
מעג איך ווי שטאָלץ זיין, מוז עס דאָך געשעהן,
אז קליין פאר דיר און נידריג בלייב איך שטעהן,
א שטיל און באנג געפיהל מיין הארץ נעמט נאָגען.

קען דאָס דיין גייסט מיך שטארק אזוי באצווינגען,
דיין הויכער גייסט, וואָס קען די וועלט דורכדרינגען,
דיין גייסט, וואָס שוועבט ארויף צום הימעלסליכט?

איז דאָס מיין שווערע שולד, מיין שווער געוויסען,
וואָס כ'האָב דיין ליעבענד הארץ אזוי געריסען,
מיין שולד, וואָס קוועלט מיך אין דיין אנגעזיכט?

2.

איך האָב אמאָל פארלאָזען דיך, פארבלענדט
פון אן ענטשלוס א וואהנזיניגען, ראשען,
כ'האָב, דורשטענדיג די ליעבע צו אומפאסען,
צו וועלט און מענשען מיינע טריט געווענדט.

פאר יעדער טיר געשטרעקט האָב איך די הענט,
גערופען און געזוכט אויף אלע גאסען,
געבעטעלט ליעבע. נאָר פאראכטען, האסען
די ליעבע מענשען האָבען מיך געקענט.

פון קיינעם קיינמאָל ניט געליעבט, א מיעדער,
האָב איך דאן איינזאם אומגעקערט זיך ווידער
אהיים, מיין זעל א קראנקע און א טריעבע.

און דאָ אנטקעגען ביזטו מיר געקומען,
און אין דיין אויג איז דאן ארויפגעשוואומען
די לאנג געזוכטע, לאנג געווינשטע ליעבע.

## צו ה. סטר.

מיין פריינד, ווען כ'ווארף אן איילענדיגען בליק
אין דיין קליין ביכעל, פאר די אויגען שוועבען
מיר גאָלד'נע בילדער פון מיין קינדהייט'ס לעבען,
די קינדערטרוימען לעבען אויף צוריק.

און ס׳נעמט אַלץ קלאָרער שטייגען פאַר מיין בליק
דער דאָם, און זיך ביז צו דעם הימעל הויבען,
דער אַלטער דאָם, דאָס ווערק פון טיפען גלויבען,
מיט גלאָקענקלאַנג און טרויריגער מוזיק.

איך זעה, ווי צווערגען קלעטערען אין רוים,
דעם דאָם פון אָרנאַמענטען צו באַרויבען,
דעם דאָם, דאָס ווערק פון טיפען דייטשען גלויבען.

מען קען די בלעטער אברייסען פון בוים,
נאָר קומען וועט דאָך באַלד א נייער מאַי
און וועט דעם בוים באַקליידען אויף דאָס ניי.

## פרעסקאָ-סאָנעטען צו כריסטאַן ס.

1.

איך טאַנץ ניט מיט, איך קניה ניט פאַר די געצען,
וואָס זעהען אויס ווי גאָלד און זענען זאַמד.
כ׳גיב קיינמאָל ניט דעם טויגעניכטס די האַנד,
וואָס וועט מיין עהרע שטילערהייט פאַרלעצען.

כ׳געה שטאָלץ פאַרביי דער פרעכער זונה׳ס נעצען,
דער זונה, וואָס רופט אויס אין שטאָדט איהר שאַנד.
איך געה ניט מיט, ווען זיך דער פעבעל שפּאַנט
צום וואָגען פון טריאומף פון זיי׳רע געצען.

איך וויים, דער בוים אין שטורעם פאַלען קען,
דאָס ראָהר ביים טייך שטעלט אויף זיך ווי געוועזן,
ווי ס׳וואָלט ארום איהם ניט געשטורעמט גאָר.

נאָר זאָגט, װאָס קען דען װערען פון דעם ראָחר? —
פאַר פראַנטען א שפּאַצירשטעקען א דינער,
צי גאָר א קלײדערקלאַפּער פאַר דעם דיענער.

## 2.

גיב מיר די מאַסקע, כ'װיל מיך איצט מאַסקירען
און װי א לומפּ אויף זײער באַל ערשײנען,
און זאָלען נאָר די הערדען דאָרט ניט מײנען,
אז זײער'ם גלײכען קומט זײ אמוזירען.

גיב מיר געמײנע װערטער און מאַנירען,
כ'װיל זײן װאולגאַר, װאו אויסגעפּוצט זײ זענען,
כ'װיל מיט מײן שארפזין דאָרט פאַר זײ ניט שײנען, —
מיט שארפזין זאָלען נארען קאָקעטירען.

אויף זײער באַל אין טאַנץ װעל איך זיך טראַגען,
מיט ריטער און מיט קעניגען אינאײנעם,
פון קאָמיקער באַגריסט, דערקענט פון קײנעם.

דאַן װעלען זײ מיט האַלצשװערדען מיך יאָגען...
נאָר װעט מײן מאַסקע זײן אראָבגענומען,
די לומפּען װעלען בלײבען שטעהן און שטומען.

## 3.

מיר קלינגט א מעשה'לע, װי א רעפרען,
און כ'הער אין דעם א װאונדערשענע ליעד,
אין ליעד אין יענעם לעבט און שטײגט און בליהט
א יונגפרוי, װי א חלום צאַרט און שען.

און אין דער יונגפרוי וואוינט א הערצעל קליין,
נאָר אין דעם הארץ קיין ליעבעספייער גליהט,
ס׳הערשט אין איהר פראָסטיג-ליעבלאָזען געמיט
נאָר אייגענזין און קאַלטער שטאָלץ אליין.

דו הערסט אין קאָפּ די מעשה׳לע מיר קלינגען?
און פייערליך אזוי דאָס ליעדעל זומען?
און שטיל איהר לאַבען, לאַכען נאָכאַנאַנד?

כ׳האָב מורא נאָר, דער קאָפּ וועט מיר צושפּרינגען,
און אך, ווי טרויריג דאָס וואָלט אויסגעקומען,
ווען כ׳זאָל אזוי פארלירען מיין פארשטאַנד!

4.

אין טרויעריגע שטילע אבענדשטונדען
מיר קלינגען אלטע, לאַנג פארגעסענע ליעדער,
און טרערען פליסען פון די אויגען ווידער,
און בלוט פון מיינע אַלטע, אַלטע וואונדען.

און שווימען נעמט, ווי אין א צויבער שלומער,
א בילד פאַר מיינע אויגען פון מיין ליעבער:
זי בויגט זיך אויף איהר ארבייט שטיל אריבער,
און א געבענשטע שטילקייט הערשט ארום איהר.

און פלוצלונג האָט מיין ליעבע אבגעשניטען
די הערליכסטע פון אלע איהרע לאָקען
און מיר געגעבען. — כ׳בין פאַר פרייד דערשראָקען.

דער טייוועל האָט די פרייד אויף וועה פארביטען:
ס׳איז אין זיין האַנט פון האָר א שטריק געוואָרען,
אויף איהר שלעפּט ער מיך אום זייט פיעלע יאָהרען.

## 5.

„דיין ליעבען קוש מיר געבען דו פארגעסט
אויך איצט, ווי ביי דעם לעצטען ווידערזעהן“, —
זאג איך, און ס'האט מיין ליעבע ווי געווען
איהר קוש אויף מיינע ליפען אבגעפרעסט.

און שמייכלענד רייסט א מירטענצווייגעל אב
און זאגט: „דאס צווייגעל נעם און פלאנץ דאס איין,
און זאל דאס אונטער גלאז נאר שטענדיג זיין.“
זי זאגט אזוי און שאקעלט מיט'ן קאפ.

פארדארט דאס צווייגעל איז שוין לאנג אין טאפ,
און כ'האב פיעל יאהרען זי שוין ניט געזעהן,
דאך ברענט איהר לעצטער קוש ביי מיר אין קאפ.

איצט האט דאס שיקזאל מיך אהיים געבראכט.
כ'בין פאר מיין ליעבער'ס הויז געבליבען שטעהן
און בין געשטאנען דארט די גאנצע נאכט.

## 6.

ווען ס'וואלט מיין ארימקייט געווען צו ענד,
וואלט איך געוואוסט דעם פינזעל ווי צו פיהרען
און שעהן מיט בונטע בילדער צו פארציערען
פון קירך און שלאס די אלטע שטאלצע ווענט.

ווען כ'וואלט פון גאלדקוואל שעפען נאר געקענט,
וואלט איך אויף פלייטען, פידלען און קלאווירען
געוואוסט ווי ריהרענד שען צו מוזיצירען,
און ס'וואלטען אפלאדירט מיר פיעלע הענט.

נאָר לײדער, לײדער האָב איך דיך אַלײן,
אַ פּאָעזיע, ברוטאַלאַזסטע צװישען קונסטען!
און מאַמאַן שמײכעלט צו מיר קײנמאָל ניט.

איך זעה בײ אַנדערע מיט שאַמפּאַניער װײן
באַקאַלען איבערפילטע, — איך מוז דורשטען,
זײן דורשטיג, אָדער טרינקען אויף קרעדיט.

7.

די װעלט איז מיר געװען אַ מאַרטער־קאַמער,
מען האָט מיך בײ די פיס דאָ אויפגעהאַנגען,
געריסען מיך מיט גליהענדיגע צװאַנגען
און אײנגעקלעמט אין ענגע אײזענקלאַמער.

ס׳האָט װײט געטראָגען זיך מײן װילדער יאָמער,
פון מויל און אויגען איז מיר בלוט געגאַנגען.
אַ מײדעל דאַן, װאָס ס׳איז פאַרבײגעגאַנגען,
האָט מיך דערשלאָגען מיט איהר גאָלד׳נעם האַמער.

זי קוקט צו נײגעריג, װי אין אַ קראַמף
די גליעדער צוקען, װי אין לעצטען קאַמף,
עס הענגט פון מויל מײן צונג, מיט בלוט באַדעקט.

מײן לעצטער קאַמף מיט טויט ענטציקט איהר בליק,
מײן שװערער אָטעם איז פאַר איהר מוזיק,
מײן לעצטער פּײן נאָר שפּאַס אין איהר ערװעקט.

8.

האָסט אָפט געזעהן מיך קעמפּפענדיג מיט מוט
מיט יענע אַלטע אַנגעפאַרבטע דאַמען,
װאָס װאָלטען גערן מיר באַשמוצט מײן נאָמען,
װאָס רופען פון מײן טויט נאָר די מינוט.

האסט אפט געזעהן פעראנטען פול מיט מוט,
און האם דעם וועג פון זיי פאר מיר פארצאמען.
מיט זיי'רע רייד מיך רייסען, ווי מיט קאמען
פון שטאהל, און ס'האט געשטראמט פון מיר מיין בלוט.

נאר דו ביזט גלייך געשטאנען, ווי א טורעם,
דיין קאפּ האט מיר געלויכטען אין דעם שטורעם,
דיין טרייע הארץ איז מיר געווען א האפען.

כאטש ס'ברויזט ארום דער ים אין ווילדען צארן,
און פילע שיפען וועלען זיין פארלארען, —
קוים איז מען דארט, דאן קען מען רוהיג שלאפען.

9.

איך וואלט געוויינט, נאר שטום איז מיין געוויין.
איך וואלט זיך מוטיג אין דער הויך אויפהויבען,
נאר כ'קען ניט. אויף דער ערד דא מוז איך בלייבען,
צווישען רעפּטילען צישענדע אליין.

איך וואלט געוואלט ארום דעם העלען שיין,
דעם קלארען ליכט פון מיין געליעבטער שוועבען,
איך וואלט געוואלט נאר אין איהר אטעם לעבען,
נאר כ'קען ניט, ווייל מיין הארץ פארגעהט אין פיין.

דאס ליכט ווערט פאר די אויגען מיר פארשוואונדען,
מאט פאל איך אום און פיהל פון מיינע וואונדען
דאס בלוט פון הארצען לאנגזאם, לאנגזאם פליסען.

און ס'נעמט צו זיך די נעבעל־וועלט מיך ציהען,
איך זעה, שוין גרייט די שטילע שאטענס שטעהען,
אין זיי'רע ווייכע ארעמס מיך צו שליסען.

מיינע וועהמאַגען און פיינען
האָב איך אין דעם בוך געגאָסען;
עפענסטו דאס בוך צו לייענען,
שמעהט מיין הארץ דיר אויפגעשלאָסען.

# פראָלאָג.

אמאָל איז א ריטער פארטרויערט און שטום
און בלייך אויף דער וועלט אומגעגאנגען;
געשלעפט זיך א וואקלענדער ציעלאָז ארום,
פון טונקעלע טרוימען געפאנגען.
געוועז איז זיין גאנג אומגעלומפערט און קרום,
געלאכט האבען בלומען און פרויען ארום,
ווען ער איז פארביי זיי געגאנגען.

אפט זיצען פלעגט ער אין זיין ווינקעל אליין,
זיין בליק א פארבענקטער, פארטרערטער,
און שטרעקען די אָרעמס אין בענקשאפט און פיין,
אין בענקשאפט און פיין, נאָר אָהן ווערטער.
נאָר קוים האט געשלאָגען פון מיטנאכט די שעה,
א קלינגען און זינגען דערהערט זיך באלד דאָ, —
א קלאפען אין טיר דאן דערהערט ער.

פאר איהם זיין געהיימע געליעבטע ערשיינט,
קוים הערבאר די טריט איהרע פאלען,
ווי וועלען פון ים רוישט איהר קלייד, און זי שיינט
אין שלייער פון טויזענדער שטראהלען.
די גאלדיגע לאקען ארום איהר געזיכט,
די אויגען, זיי לויכטען מיט גליהענדען ליכט, —
די צוויי אין די ארעמס זיך פאלען.

די ליעבע ערוועקט דאן אין ריטער איהר מאכט,
ס'צוברענט זיך דאס ליידענשאפטס־פייער,
די בלייבקייט פארשווינדט, און דער טרוימער ערוואכט,
דער שוועכלינג ווערט דרייסטער און פרייער.
זי אבער, זי האט מיט איהם שעלמיש געשפיעלט,
זי האט אונבאמערקט איהם דעם קאפ איינגעהילט,
אין ווייסען, אין שטראהלענדען שלייער.

באלד אין א קריסטאלענעם וואסערשלאס זיצט
דער ריטער פארצויבערט אהן ווילען,
עס שטראהלט און עס גלאנצט און עס בלענדט און עס בליצט,
און נעבלען די אויגען פארהילען.
לאך דריקט איהם די נימף צו איהר ברוסט מעהר און מעהר,
די נימף איז די כלה, דער חתן איז ער,
אויף ציטערען יונגפרויען שפיעלען.

זיי שפיעלען און טאנצען, דאס טאנצען ענטציקט, —
פון נימפען דער טאנץ דער באליעבטער.
באצויבערט, בארוישט איז דער ריטער און דריקט
אלץ פעסטער זיך צו זיין געליעבטער.
און פלוצלונג דאן לעשען די ליכטער זיך אויס,
דער ריטער־פאעט אין זיין פינסטערען הויז
זיצט ווידער אליין א באטריעבטער.

1.

אין וואונדערשענעם מאָנאַט מאַי,
ווען אַלע קנאָספּען בליהען,
דאַן האָט די ליעבע אין מיין הארץ
אנגעהויבען גליהען.

אין וואונדערשענעם מאָנאַט מאַי,
ווען אַלץ איז פול מיט קלאַנגען,
האָב איך מיין ליעבע איהר ענטדעקט,
מיין ביינקשאַפט און פארלאַנגען.

2.

פיעל שענע בלומען שפּראָצען
פון מיינע הייסטע טרערען
און נאַכטיגאַלען כאָרען
פון מיינע זיפצען ווערען.

און אז דו ועסט מיך ליעבען,
דיר שענק איך אַלע בלומען
און נאַכטיגאַלען װעלען
צו דיינע פענסטער קומען.

3.

די רויז און די ליליע, די טויב און די זון,
זיי האָב איך געליעבט אמאָל הארציג און ריין.
איך ליעב זיי ניט מעהרער, איך ליעב איצט נאָר איינע,
די איינע, די שענע, די ריינע, די קליינע,
די איינע, מיין ליעבסטע, זי איז איצט אליין
די רויז און די ליליע, די טויב און די זון.

4.

ווען איך אין דיינע אויגען בליק,
דאן קומט צוריק צו מיר מיין גליק.
און ווען דיין מיילכעל קוש איך היים,
דאן ווער איך ווידער שטארק און גרוים.

און ווען איך לעהן זיך אויף דיין ברוסט,
נעהמט מיך ארום די הימעלס לוסט.
נאר ווען דו זאגסט: „איך האב דיך ליעב“,
דאן וויין איך אזוי שווער און טריעב.

5.

דיין ליעבען פנים, מילד און שען,
אין חלום האב איך איהם געזעהן:
ער איז מלאכים־צארט און וויך,
דאן איז ער בלייך, אה, שרעקליך בלייך.

און נאר די ליפען זענען רויט,
דאך קושט זיי בלאס דער קאלטער טויט.
פארלאשען ווערט דאס הימעלס־ליכט,
וואס שטראהלט אצינד אויף דיין געזיכט.

6.

לעג צו דיין באק צו מיינער אצינד,
דאן פליעסען די טרעהרען צוזאמען;
און צו מיין הארץ דריק דיינס צו, קינד,
דאן שלאגען צוזאמען די פלאמען.

און ווען אין גרויסען פלאקער פליעסט
דער שטראם פון אונזערע טרעהרען:
און ווען דיין האנד נעמט מיך ארום,
דאן שטארב איך פון ליעבעס־באגעהרען.

7.

איך וויל מיין נשמה זאָל דרינגען
אין ליליען כום אריין;
די ליליע זאָל, הויכענדיג, זינגען
א ליעד פון דער ליעבסטער מיין.

דאָס ליעד זאָל ציטערן און שוועבען,
ווי פון איהר מויל א קוש;
וואָס זי האָט מיר געגעבען,
ביי אונזער אבשיעד־גרוס.

8.

עס שטעהען אונבאוועגליך
די שטערען, אין דער הויך,
פיעל טויזענד יאָהר און קוקען
זיך אָן פון ביינקשאפט בלייך.

זיי ריידען שטיל א שפראכע,
וואָס איז אי רייך, אי שען;
דאָך קען קיין שפראכען־פאָרשער
די שטילע שפראך פארשטעהן.

איך אָבער האָב זי געלערנט,
שטודירט זי אָהן א שיער;
געדיענט האָט אַלס גראמאטיק
מיין ליעבסטע'ס פנים מיר.

9.

אויף די פליגעל פון געזאנגען
טראָג איך דיך געליעבטע מיין
און איך ברענג דיך צו דעם גאנגעס —
דאָרטען וועל איך מיט דיר זיין.

אין דעם שיין פון דער לבנה
ליגט א גאָרטען רוהיג, שטיל,
און דאָרט וואַרטען אויף דיין קומען
לאָטאָס בלומען אזוי פיעל.

און די פיילעכלעך זיי לאַשטשען
זיך און קוקען אויף דעם טאָל,
און די רויזען זיי דערצעהלען
שטיל זיך מעשיות פון אמאָל.

און עס קומען אָן צו לויפען,
די גאַזעלען לייכט און פלינק,
און עס יאָגען זיך די וועלען
פון דעם טייך אזוי גערינג.

און עס פינקלען העל די שטערען,
און מיר זיצען ביי א בוים;
און אין ליעבע און אין שטילקייט,
טרוימען מיר זיס אונזער טרוים.

10.

די לאָטאָס בלום, זי שרעקט זיך
פאר גלאַנץ און זונען פראכט;
פאר'חלומ'ט און פאַראומערט
וואַרט זי ביז ס'קומט די נאַכט.

די לבנה ז'איהר געליעבטע,
זי וועקט זי מיט איהר ליכט;
זי שמייכעלט צו איהר פריינדליך,
און דעקט אויף איהר געזיכט.

זי בליהט און גליהט און לייכט דאַן,
און קוקט אין דעם הימעל אַוועק;
זי וויינט און בייִנקט און ציטערט
פון ליעבע און ליעבעס־שרעק.

11.

אין רהיין, דעם שטראָם, דעם ריינעם,
דאָרט שפּיעגעלט זיך אָפּ אין די וועלל'ן,
מיט'ן אַלטען דאָם, דעם שענעם,
דאָס גרויסע הייליגע קעלן.

אין דאָם, אַ בילד שטעהט דאָרטען,
אַ לעדער־בילד גאָר אַלט;
מיין ווילדען לעבענס־גאָרטען
האָט עס שוין אָפט באשטראַהלט.

עס שוועבען מלאכים און בלומען
ארום דער הייליגער פרוי;
די אויגען, די ליפּען, וואָס שטומען,
זיי זענען מיין ליעבסטע גענוי.

12.

דו ליעבסט מיך ניט, דו ליעבסט מיך ניט,
דאָס אַרט מיך זעהר ווענינ;
קוק איך אין פּנים דיר אריין,
איז גוט מיר, ווי אַ קעניג.

דו האַסט, דו האַסט מיר גאָר אַצינד,
זאָגט מיר דאָס מיילכעל דיינע;
גיב אָבער מיר דיין מויל צום קוש,
און כ'טרייסט זיך, ליעבסטע מיינע.

13.

אַ, קוש מיך נאָר און שווער זיך ניט,
קיין פרוויען שבועות ליעב איך ניט!
דיין וואָרט איז זיס, דאָך גליק און לוסט,
גיט נאָר דער קוש, וואָס כ'האָב געקושט!
איהם האָב איך, און איהם גלויב איך אויך,
דאָס וואָרט איז פּוסט, איז דונסט און רויך.

*　*　*

אָה, שווער זיך ליעבסטע דאָ און דאָרט,
איך גלויב דיר הייליג אויפ'ן וואָרט!
אויף דער ברוסט זינק איך ביי דיר,
און בין גליקליך גאָר אָהן שיער;
געליעבטע, אייביג דיר בלייב איך,
און נאָך פיעל לענגער ליעבסטו מיך.

14.

אויף מיין געליעבטערס אויגעלעך
שרייב איך די שענסטע קאַנצאָנען;
אויף מיין געליעבטערס קליין מייל'עכעל
שרייב איך די בעסטע טערצינען.

אויף מיין געליעבטערס בעקעלעך
שרייב איך די הערליכסטע שטאַנצען;
און וואָלט נאָר מיין ליעבסטע א הערצעל געהאַט,
איך וואָלט דרויף געשריבען א וואונדער סאָנעט.

15.

די וועלט איז דום, די וועלט איז בלינד,
און ווערט אלץ אָבגעשמאַקטער.
זי רעדט פון דיר, מיין הארציג קינד,
אַז דו האָסט קיין גוטען כאַראַקטער.

די וועלט איז דום, די וועלט איז בלינד, —
זי וועט דיך שוין קיינמאָל ניט קענען.
זי ווייסט דאָך ניט, מיין הארציג קינד,
ווי זים דיינע קושען זענען.

16.

ליעבסטע, היינט זאָלסטו מיר זאָגען:
ביזטו ניט אַ חלום בילד,
וואָס אין זומער־טעג, אין הייסע,
אין זיין מארך דער דיכטער פיהלט.

אָבער, ניין, עס איז ניט מעגליך,
פאר'ן דיכטערס פאַנטאַזיע,
צו באשאפען אזא מיילכעל,
אויג'לעך ליעבליכע, ווי די.

קראָטען, ווערעם, ווילדע, חיות,
און א בלוטיגען וואמפיר,
נאָר אזעלכע מינים ברואים,
שאפט דער דיכטער גאָר אָהן שיעור.

אָבער דיך און דיינע שפיצלעך,
און דיין ליעבליכעס געזיכט,
און די פאלשע פרומע בליקען, —
אַ, קיין דיכטער שאפט אייך ניט!...

17.

ווי פון וועללען־שוים געבוירען
שטראהלט, פול גלאַנץ, מיין ליעבסטע צינד;
פון אַ פרעמד'ען מאַן געוואָרען
איז א כלה ס'ליעבע קינד.

האַרץ, מיין האַרץ, אַ, זיי געדולדיג,
זיי אצינד ניט בייז אויף איהר!
טראַג עס, טראַג עס, און ענטשולדיג,
וואָס זי האָט געטאָן צו דיר.

18.

איך בין ניט בייז, און ברעכט דאָס האַרץ אין מיר,
פארלאָר׳נע ליעב! איך בין ניט בייז אויף דיר.
און שטראַהלסטו אויך אין דיאַמאַנטען־פּראַכט,
קיין שטראַהל באַלייכטען וועט דיין שוואַרצע נאַכט.

דאָס וויים איך לאַנג. אין טרוים געזעהן האָב איך,
די שוואַרצע נאַכט אין האַרצען טיעף אין דיך:
געזעהן האָב איך די שלאַנג, וואָס פרעסט דיין האַרץ,
געזעהן האָב, ליעבסטע איך, ווי דאָרט איז חושך־שוואַרץ.

19.

יאַ, דו ביזט עלענד און איך בין ניט בייז: —
ליעבסטע, מיר מוזעןביידע עלענד זיין!
ביז דער טויט וועט אויפנעהמען אונז אין זיין שויס,
ביז דאַן מוז יעדער פון אונז עלענד זיין.

איך זעה, ווי שפּאָט ארום דיין מיילכעל שוועבט,
איך זעה, דיין אויג בליצט ווילד און טראַצעגליך,
איך זעה דעם שטאָלץ, וואָס דיר דיין ברוסט אויפהעבט,
דאָך ביזטו עלענד, עלענד פּונקט ווי איך.

אונזיכטבאַר צוקט ארום דיין מויל אַ שמערץ,
אַ טרעהר, באַהאַלטען, טריעבט דיין אויגען־שיין,
אַ שטילע וואונד נאָגט אויף ביי דיר אין הערץ, —
ליעבסטע, מיר מוזען ביידע עלענד זיין.

20.

עס שפּיעלען די פיעדלען און פלייטען,
עס ברויזען טרומייטען אריין;
עס טאַנצט איצט דער חתונה־דריידעל
די הארציגע ליעבינקע מיין.

עס רוישען און קלאַפּען די פּויקען,
עס פרעהט זיך ארום אַלץ מיט איהר:
אין מיטען דער שמחה נאָר קלאָגען,
די גוטע מלאכים מיט מיר.

21.

האָסטו דען טאַקי גאָר פאַרגעסען,
אַז איך האָב ס'הערצעל דיינס באַזעסען,
דיין הערצעל זיס און פאַלש און קליין,
עס קען גאָר זיסער און פאַלשער ניט זיין.

האָסטו די ליעבע און צרות פאַרגעסען,
וואָס האַלטען מיין הארץ אין דריקען און פרעסען,
איך ווייס ניט, וואָס גרעסער איז ליעבע צי לייד,
און ווייס נאָר און לייד, און ווייס ניט פון פרייד.

22.

און וואָלטען די בלומען, די קליינע,
געוואוסט, ווי פארוואונדט איז מיין הערץ,
זיי וואָלטען מיט טרעהרען, מיט ריינע,
געהאָלפען מיר היילען מיין שמערץ.

און וואָלטען די נאַכטיגאַלען
געוואוסט, ווי כ'בין טרויריג און קראַנק,
זיי וואָלטען געלאָזען ערשאַלען
אַ קוויקענדיג, זיסען געזאַנג.

און וואָלטען געוואוסט פון מיין וועהטאָג
די גאָלדענע שטערענדלעך, דאָרט,
זיי וואָלטען געפונען פאר נויטיג,
מיר זאָגען אַ טרויסטענדעס וואָרט.

דאָך קענען זיי קיינער ניט וויסען,
נאָר איינע ווייס מיין שמערץ;
ווייל זי אַליין האָט צוריסען,
צוריסען אויף שטיקער מיין הערץ.

23.

פארוואָס שיינט טריעב און פינסטער איצט די זון,
און טריעב און פינסטער זענען פעלד און וואלד ?
פארוואָס איז וויסט און גרוי אַזוי די ערד
און ווי דער קבר איז זי איצטער קאַלט ?

פאַרוואָס בין איך אַליין איצט עלענד, קראַנק ?
געליעבטע מיינע, איך פרעג דאָס איצט ביי דיר. —
אוי, ענטפער מיר, דו הארציגע געליעבטע מיין,
פאַרוואָס, פאַרוואָס ביזטו אוועק פון מיר ?

24.

זיי האָבען פיעל דערצעהלט דיר,
זיי האָבען פיעל געקלאָגט;
דאָך וואס עס האָט געקוועלט מיר,
דאָס האָבען זיי ניט געזאָגט.

זיי האָבען זיך אַנגעשטעלט וויכטיג,
געזידעלט, ווען דו האָסט געלויבט;
געזאָגט, אַז איך האנדעל ניט ריכטיג,
און דו האָסט זיי אַלעם געגלויבט.

דאָך ס'אלערערגסטע און קרומסטע
דאָס האָבען זיי ניט געוואוסט;
דאָס ערגסטע קרומסטע און דארסטע,
דאָס טראָג איך געהיים אין מיין ברוסט.

25.

געבליהט האָט דער בוים און דער פויגעל געזונגען,
די זון האָט געלאכט פול מיט פרייד און מיט לוסט;
דו האסט מיך געקושט און דו האָסט מיך באצוואונגען,
געדריקט האָסטו מיך צו דיין גליהענדער ברוסט.

די בלעטער געפאלען, דער ווינד האָט געברומט,
מיט פארדראָסענעם בליק באגריסט האָט די זון;
געזאָגט זיך דאן האָבען מיר קאלט: „זיי געזונד".
דו האָסט זיך פארבויגען, מיך פריערט דערפון.

26.

מיר האָבען פיעל איינער צום אנדערן געפיהלט,
און דאָך זיך זעהר זעלטען פארטראָגען;
מיר האָבען אין „מאן און פרוי" זיך געשפיעלט,
און דאָך זיך קיינמאָל ניט געשלאָגען.
מיר האָבען צוזאמען געשטיפט און געלאכט,
און צערטליך געקוסט, און פיעל חוזק געמאכט.
מיר האָבען צולעצט, פול קינדערשער לוסט,
געשפיעלט אין באהאלטנים אין וואלד אין דעם גרינען,
מיר האָבען אזוי זיך באהאלטען געוואוסט,
אז מיר וועלען זיך קיינמאָל, שוין מעהר ניט געפינען.

27.

לאנג ביזטו מיר טריי געבליעבען,
און האסט פאר מיר זיך אנגענומען,
און ביזט טרייסטען מיך געקומען,
ווען די נויט האָט מיך פארטריעבען.

מיר געגעבען טרינקען, עסען,
און דו האסט מיר געלד געבארגט,
און האסט מיר מיט װעש פארזארגט,
און דעם פאס אויך ניט פארגעסען.

ליעבסטע! זאל דיך גאט באהיטען,
לאנג, א. לאנג פון קעלט און היצען,
װײל האסט מיך געזוכט צו שיצען,
זאל ער דיך מיט גליק באשיצען.

28.

די ערד איז לאנג געװען פערמארעט,
דאן איז דער שענער מאי געקומען,
געלאכט האט אלץ, און דאן פאר׳צרה׳ט
איז מיר דאן אלעס פארגעקומען.

די בלומען שפראצען, פײגעל טרילען,
די גלאקען קלינגען, פליעגען זשומען,
מיר אבער װיל קײן זאך ניט געפעלען,
געװאלט האב איך אלץ זאל פארשטומען.

געלאנגװײלט האט מיך אלץ ארומעט
דעם פרײנד זאגאר ארײנגענומען,
געקומען איז צו מיר דער אומעט,
װײל זי האט אנ׳אנדערען גענומען.

29.

און װען איך האב לאנג זיך, צו לאנג זיך געזאמט,
אין לענדער, אין פרעמדע, גע׳חלומ׳ט, געפלאמט,
איז געװארען מײן ליעבסטער די צײט צו לאנג,
און זי האט געקראגען א מאדנעם פארלאנג:
זי האט זיך פארשאפט א אינגעל א דומען,
און האט דעם אינגעל אלס חתן גענומען.

מיין ליעבסטע, זי איז אי שען, אי מילד,
נאָך שוועבט פאר מיר איהר זיסעס בילד:
די אויגען, ווי הימלען די בעקלעך בליהען,
זיי בליהען זייט יאָהרען, זיי בליהען און גליהען.
וואָס איך האָב זי געקענט שטעלען אין קאָן,
דאָס איז דאָס דומסטע, וואָס איך האָב געטאָן.

30.

די בלאָהע פיאלקעס פון די אויגלעך דיין,
די רויטע ראָזען פון די בעקלעך פיין,
די ווייסע ליליען פון די הענטלעך קליין,
זיי בליהען און בליהען נאָך אלץ ווי געווען,
דאָס הערצעלע נאָר האָט פארלאָרען דעם ברען.

31.

די וועלט, זי איז שען, און דער הימעל איז בלאָה
און די לופט, זי איז ווילד און קיין ווינד איז ניטאָ,
און די בלומען ווינקען אין בליהענדען פעלד,
און פינקלען און בלינקען אין וועלטען-געצעלט,
און די מענשען פרעהען זיך, וואו איך נאָר בליק —
און דאָך וואָלט איך בעסער אין קבר איצט זיין
און צוטוליען זיך צו דער ליעבינקער מיין.

32.

געליעבטע מיין, ווען ליגען וועסט
אין קבר אינ׳ם שווארצען,
וועל איך צו דיר אין קבר געהן
מיט אַ גרינגען הארצען.

און וועל דיך פרעסען, קושען ווילד
און לעבען דיר זיך לעגען,
און וויינען פיעל און שטארבען דאָרט,
און אלץ פאר דיינעט וועגען.

אין מיטען נאכט, ווען ס׳שטעהען אויף
די טויטע פון די קברים,
דאן בלייב איך מיר מיט דיר אליין
און ליג ביי דיר אין ארעם.

און ווען עס רופט דער יום הדין
צו פיין און פארגעניגען,
דאן ארט די גאנצע זאך אונז ניט,
מיר בלייבען ווייטער ליגען.

33.

א פיכטענבוים שטעהט איינזאם
אין צפון ערגיץ וואו,
איהם שלעפערט; און דער קאלטער שניי
דעקט ווי א דעק איהם צו.

ער חלומ׳ט פון א פאלמע,
וואס שטעהט אין מזרח־לאנד,
און טרויערט שטיל און איינזאם,
דארט אויף א פעלזענוואנד.

34.

(דער קאפ רעדט:)

וואלט איך דאס ביינקעל באטש געווען,
דער ליעבסטער׳ס פיס בלויז אנצושפארען;
און מעג איהר טראט נאך זיין ווי שטריינג! —
עס וואלט דער וועהטאג מיך ניט ארען.

(דאס הארץ רעדט:)

וואלט איך דאס קישעלע געווען,
וואו זי די נאדלען שטעכט אריין;
און ברייננט א יעדער שטאך א טרער! —
מיך וואלט געפרעהט דער זיסער פיין.

(דאָס ליעד רעדט :)
וואָלט איך געווען כאָטש דאָס פּאַפּיער,
פון וואָס זי שמעטערלינגען מאַכט ! —
וואָלט איך אין אויער איהר געזאָגט
דעם סוד, וואָס אין מיר צאַנקט און שמאַכט.

35.

זייט זי איז אוועק פון מיר,
איז דאָס לאַכען מיט מיט איהר.
מוזיק, שפּאַס האָט מען געמאַכט,
אָבער איך האָב ניט געלאַכט.

זייט איך האָב פאַרלאָזען זי,
וויינען וויים איך מעהר ניט ווי.
מעג דאָס הארץ צואווערהטאָגט ווערען,
געפין איך דאָך ביי זיך קיין טרעהרען.

36.

פון מיינע גרויסע שמערצען,
מאַך איך די קליינע ליעדער :
זיי ציהען אוים די גליעדער,
און פליהען אוועק פון איהר הארצען.

דעם וועג צו איהר קאָפּ זיי געפינען,
דאָך קומען זיי ווידער אין קלאָגען ;
און קלאָגען און ווילען ניט זאָגען,
וואָס זי טראָגט ארום אין איהר זינען.

37.

פיליסטער, אין שעהנינקע רעקלעך,
שפּאַציערען דורך וואַלד און דורך פעלד ;
זיי יובלען און שפּרינגען, ווי בעקלעך,
באַגריסענדיג גאָט'ס שענע וועלט.

באטראכטעז מיט בלינקענדע אויגעז,
ווי ראמאנטיש ארום אלעם בליהט;
מיט אויערן, לאנגינקע, זויגעז
זיי איין פונ'ם שפערלינג דאם ליעד.

איך אבער זיץ אין מיין קאמער,
פארהענג מיר די פענסטער פעסט;
און ס'קומען צו מיר מיט געיאמער,
ביי טאג שוין די שדים אלס געסט.

די ליעבע, די אלטע ערשיינט דאן,
זי קומט פון בית־עלמין בלייך,
זי זעצט זיך אוועק און זי וויינט דאן,
און מאכט דאס הארץ מיר ווייך.

38.

א בילד פון פארגעסענע צייטען
שטעהט אויף פון דעם קבר פאר מיר
און ווייזט מיין פארגאנגענעם לעבען
ווען איך האב געלעבט ארום דיר.

בייטאג פלעג איך אומגעהן פאר'חלומ'ט
דורך גאסען מיט איינזאמע טריט,
עס האבען זיך מענשען געוואונדערט,
נאר שווער איז געוועז מיין געמיט.

ביינאכט נאר פלעגט ווערען מיר גרינגער
עס שלאפען די גאסען ארום;
און איך פלעג אליין מיט מיין שאטען
ארומגעהן פארטרויערט און שטום.

מיט הילכיגע טריט פלעג איך שפּאַנען
א שטילער אריבער דער בריק;
פון וואָלקען אַרויס די לבנה
באַגלייטען פלעגט מיך מיט איהר בליק.

און קומען פלעג איך צו דיין וואוינונג
און לאַנג דאָרט פאר דיין פענסטער שטעהן
און בליקען אַרויף צו דיין פענסטער, —
מיין הארץ פלעגט אין וועהען פארגעהן.

איך וויים דאָך, אז דו האָסט ניט איינמאָל
פון פענסטער אַראָפּ מיך באַטראַכט,
ווי איך ביי דעם שיין פון לבנה
פלעג שטעהן ווי א זייל אין דער נאַכט.

## 39.

א בחור ליעבט א מיידעל,
זי קלייבט א צווייטען אויס;
דער צווייטער ליעבט אַנ׳אַנדרע,
און כאַפּט זי גיכער אויס.

דאָס מיידעל פון גרויס ערגער
ווארט גאָר שוין מעהר ניט לאַנג,
זי נעהמט זיך גיך א חתן;
דעם בחור טוט עס באַנג.

עס איז אַנ׳אַלטע מעשה,
דאָך בלייבט זי אייביג ניי;
און ועמען זי פּאַסירט נאָר,
דעם ברעכט דאָס האַרץ אין צוויי.

.40
און הער איך דאָס ליעדעל זינגען,
וואָס זי האָט געזונגען אמאָל,
דאַן וויל מיר דאָס הארץ צושפּרינגען
פון שמערצען אַזן א צאָהל.

עס טרייבט מיך א פינסטערע בענקשאַפט,
צום טיעפען וואלד ארויס,
און ס׳רינען מיינע טרעהרען
און כ׳וויין מיין אומעט אויס

.41
איך זעה א בת מלכה אין טרוים
מיט באקען בלאסע, טריבע;
מיר זיצען אונטער גרינעם בוים
פארהילט אין אונזער ליעבע.

— איך דארף דאך ניט דיין טאטענס קרוין,
די גרויסע אוצרות זיינע;
איך דארף נאָר האָבען דיך אליין
דיך שעהנע גוטע מיינע.

און זי — ענטפערט מיר פארטראכט:
איך מוז אין קבר שטומען,
נאָר ליעבענדיג בין איך ביינאכט
צו דיר ארויסגעקומען.

.42
מיין ליעבסטע מיר זענען צוזאמען
געזעסען אין שיפעל אליין.
די נאכט איז געוועזען א שטילע,
געוועזן איז דאָס וואסער נאָר שען.

דער אינזעל פון שדים געווען איז
באשיינט פון לבנה־גלאַנץ.
עס האָבן געטראָגן זיך טענער,
און ס'איז אָנגעגאַנגען א טאַנץ.

די טענער זיי האָבן געקלונגען
אַלץ ליעבער און שטאַרקער ארום,
און מיר אבער זענען אַלץ ווייטער
געשוואומען גאָר טרוי'ריג און שטום.

43.

פון אַלטע מעשיות ווינקט עס
מיר מיט א ווייסער האַנד,
און עפּעס קלינגט און זינגט מיר
פון א פאַרצויבערט לאַנד.

וואו גרויסע בלומען שמאַכטען
אין גאָלד פון אָבענד־ליכט,
וואו איינער בליקט מיט צאַרטקייט
דער צווייטער אין געזיכט.

וואו אַלע בוימער ריידען
און זינגען העל פון גליק
און העלע קוואַלען שלאָגען
ווי פרייע טאַנצמוזיק.

אהין וואָלט איך געפלויגען
אין יענעם לאַנד אריין,
פון אַלע מיינע ליידען
און פריי און גליקליך זיין.

אך, יענע לייד פון פריידען
איך זעה דאָס נאָר אין טרוים ;
און אז עס קומט דער מאָרגען
צורינט מיין טרוים ווי שוים.

44.

איך האָב דיך געליעבט און איך ליעב דיך נאָך היינט !
און אויב ווען די וועלט וואָלט צופאַלען,
מיין אייביגע ליעבע צו דיר וועט, מיין פריינד,
פון אונטער די חורבות אויף שטראַהלען.

45.

אין לייכטענדען זומער מאָרגען
געה איך אין גאָרטען ארום.
עס שעפּטשען און רעדען די בלומען,
איך אָבער וואַנדער אום שטום.

עס שעפּטשען און רעדען די בלומען,
און קוקען מיט מיטלייד מיך אָן :
ניט בייז זיי אויף אונזר'ער א שוועסטער
געקענט האָט זי אנדערש ניט טאָן.

46.

עס שטראַהלט און עס שימערט מיין ליעבע,
עס שטראַהלט אין איהר פינסטערער פּראַכט
ווי מעשיות פארטרויערטע טריעבע
דערצעהלט אין א זומער ביינאַכט.

א פּאָרעל שפּאַצירט אינ'ם גאָרטען
פארקלערט אין פארבאָרגענעם פּיין
די נאַכטיגאַל זינגט אינ'ם גאָרטען,
דאָרט ציטערט דער נאַכטיגער שיין.

דאָס מיידעל שטעהט שטום ווי באנומען
פאַר איהר קומט דער ריטער אין שרעק;
נאָר דאָ איז דער ריעז באלד געקומען
און פלינק לויפט דאָס מיידעל אוועק.

אין בלוט ליגט דער ריטער געשלאָגען
דער ריעז געהט אוועק אין זיין הויז,
אז מען וועט צו קבורה מיך טראָגען,
וועט דערמאָלט די מעשה זיין אויס.

47.

זיי האָבען מיך געפייניגט,
געמאכט מיך בלוי און בלאַס,
די ערשטע מיט איהר ליעבע,
די צווייטע מיט איהר האַס.

זיי האָבען מיך פארגיפטעט,
געמאכט מיך ווילד פאר כעס,
די ערשטע מיט איהר ליעבע,
די צווייטע מיט איהר האַס.

דאָך די, וואָס האָט אם מייסטען
געקוועלט מיך און באטריעבט,
האָט קיינמאָל ניט געהאסט מיך,
און קיינמאָל ניט געליעבט.

48.

עס ליגט דער הייסער זומער
אויף דיין געזיכט, פול חן;
עס ליגט דער ווינטער, דער קאַלטער,
אין דיין הערצעלע קליין.

דאָס וועט אמאָל זיך בייטען
דו פיעל געליעבטע מיין:
דער ווינטער אויף דיין פנים —
דער זומער אין הארץ וועט זיין.

49.

ווען מענשען צוויי זיך שיידען,
דערלאנגען זיי זיך די הענד;
און הויבען אָן צו וויינען,
און זיפצען אָהן אַנ׳ענד.

מיר האָבען ניט געוויינט דאַן,
קיין וועה, קיין זיפץ, קיין אַך!
די טרעהרען און דאָס זיפצען,
געקומען זענען דערנאָך.

50.

מיר זענען געזעסען ביין טהיי־טיש,
גערעדט פון ליעבע פיעל;
די הערען — געוועזען עסטהעטיש,
די דאמען פול צארטען געפיהל.

„די ליעבע מוז זיין פּלאטאָניש,"
דער דארער האפראט רעדט.
די פרוי זיינע שמייכעלט איראָניש,
און זיפצט און זאָגט: „איהר זעהט".

דער גלח, דאָס מויל האלט אָפען:
„די ליעבע ניט זיין דארף רוי,
זי שאדט אָניט צום שלאָפען,"
דאָס מיידעל פרעגט: „ווי אזוי?"

די גרעפין פארוועהטאגט און ביטער
זאגט: „ליעבע איז ליידען אהן שיער.“
דערלאנגט דאן טהיי צום ריטער,
וואס זיצט דערביי לעבען איהר.

ביים טיש געוועזן נאך אנ׳ערטעל,
מיין ליעבסטע, דו האסט דארט געפעהלט:
וואלסט אויך געזאגט א ווערטעל,
פון דיין ליעבע וואלסטו דערצעהלט.

51.

עס זענען מיט גיפט מיינע ליעדער,
ווי קענען זיי דען אנדערש זיין?
דו האסט א, געליעבטע געגאסען
פיעל גיפט אין מיין בעכער אריין.

עס זענען מיט גיפט מיינע ליעדער,
ווי קענען זיי אנדערש דען זיין?
איך טראג אין מיין הארצען פיעל שלאנגען,
און דיך אויך געליעבטעסטע מיין.

52.

כ׳האב ווידער דעם אלטען חלום געזעהן:
א מאי נאכט, א פרישע, א פרייע,
מיר זענען ביין לינדען־בוים געוועזן,
געשוואוירען זיך אייביגע טרייע.

געוועזן איז א שבועה, א שבועה אויף׳ם נייע
געקושט האב דיין מויל איך דעם זיסען.
אום איך זאל בלייבען דיר אייביג געטריי,
האסטו אין האנד מיר געביסען.

אוי, ליעבסטע, מיט אויגלעך קלאָהר און שֶען,
אוי, ליעבסטע היים און פייערדיג;
דיין שבועה, דאָס האָב איך, געקענט פארשטעהן
דאָך ס'בייסען געווען איז איבריג.

53.

איך שטעה אויפ'ן שפּיץ פון בארג אצינד,
געפיהלען זיי קומען אָהן א צאָהל;
ווען איך וואָלט געווען א פויגעלע,
געזיפצט וואָלט איך טויזענד מאָל.

ווען איך וואָלט א שוועלבעלע געווען,
געפלויגען וואָלט איך גלייך צו דיר,
און וואָלט מיר געבויט א נעסטעל, א קליינס,
צווישען דיין פענסטער און טיר

ווען איך וואָלט געווען א נאכטיגאל,
צו דיר געפלויגען וואָלט איך,
איך וואָלט פאר דיר געזונגען ביי נאכט,
ליעדער פון ליעבע, — און זיך.

ווען איך וואָלט א גימפעל געווען, וואָלט איך
געפלויגען צו דיר אין הארץ;
ווייל דו האָסט ליעב די גימפעלעך,
און היילסט דעם גימפעל־שמערץ.

54.

מיין וואָגען פאָהרט לאנגזאם
דורך לוסטיגע וועלדער;
דורך בלומיגע טאָלען,
און בליהענדע פעלדער.

איך זיץ פאר'חלומ'ט, פארטראכט,
און קלעהר פון דער ליעבינקער מיין;
און ס'קוקען דריי שאטען־געשטאלטען,
און ווינקען, אין מיינעם אריין.

זיי קרימען מיר נאך, זיי מאכען העויות
זיי שפאטען און לאכען דערביי;
זיי מישען זיך אויס מיט'ן וואלקען אין הימעל
און כיכען און פליהען פארביי.

55.

איך האב געוויינט אין חלום,
ווייל כ'האב גע'חלומ'ט דו ביזט טויט;
און טרעהרען זענען נאך גערונען,
אויף מיין באק אין מארגען־רויט.

איך האב געוויינט אין חלום,
ווייל כ'האב גע'חלומ'ט דו ביזט אוועק;
און ווען כ'בין אויפגעשטאנען,
צום וויינען נעמט קיין עק.

איך האב געוויינט אין חלום,
ווייל כ'האב גע'חלומ'ט ביזט מיר טריי;
און ווען כ'בין אויפגעשטאנען,
האב איך געוויינט אויפ'ס ניי.

56.

קומט נאכט, אין חלום זעה איך דיך,
דו גריסט אזוי פריינדליך און זיס;
איך וויין זיך פאנאנדער און פאל דאן,
ארונטער צו דיר צו די פיס.

דו קוקסט מיך אַן מיט וועהמוט
און שאָקעלסט דיין בלאָנדיגען קאָפּ;
און ס'קייקלען זיך פון דיינע אויגען,
די טרערען, ווי פּערעל אַראָפּ.

דו זאָגסט מיר אַ ווערטעל, אַ שטילען,
און גיסט מיר אַ קראַנץ פון ציפּרעסען;
איך ערוואַך — די בלומען פארשוואונדען,
און דאָס ווערטעל, דאָס האָב איך פארגעסען.

57.

אַ שרעקליכעס וועטער אין דרויסען,
עס ברויזט און עס וואיעט דער ווינד;
די נאַכט איז אַ שטורעמדיג־קאַלטע,
וואו איז יעצט מיין אָרימעס קינד?

איך זעה זי ביים פענסטער איצט זיצען,
אין איינזאַמען קאַמער פארטראַכט;
די אויגען פול ביטערע טרעהרען,
זיי קוקען ארויס אין דער נאַכט.

58.

דער הערבסט־ווינד שאָקעלט די בוימער,
די נאַכט איז פייכט און קאַלט;
פארהילט אין גראָהען מאַנטעל,
רייט איך ארויס אין וואַלד.

און ווי איך רייט אזוי, פליהען
די געדאַנקען מיר פאָראויס;
זיי טראַגען לייכט מיר, און לוסטיג,
אַוועק צו מיין ליעבסטע'ס הויז.

עס בילען די הינט, און די דיענערס,
באַלייכטען דעם פינסטערען וועג;
איך פליה אַרויף די טרעפּען,
איך פרעג ניט, כ'ווייס, איך מעג.

אין ליכטיגען, פרעהליכען צימער,
דאָרט איז אַזוי דופטיג און וואַרם;
דאָרט וואַרט שוין אויף מיר מיין געליעבטע,
איך פליה אַריין אין איהר אָרם.

דער שטורעם, ער טרייסעלט די בלעטער,
די דעמבע פרעגט שטיל דעם ווינד:
וואָס וויל דער נאַרישער ריטער,
מיט'ן נאַרישען חלום אַצינד.

59.

עס פאַלט אַ שטערען אַרונטער
פון גלענצענדען הימעלס געצעלט:
דאָס איז דער שטערען פון ליעבע,
וואָס פאַלט אַראָפּ אויף דער וועלט.

עס פאַלען פון עפּעלבוים בלעטער,
זיי פאַלען און פאַלען גאָר פיעל:
עס קומען די שטיפענדע ווינטען,
און טרייבען מיט זיי זייער שפּיעל.

עס זינגט דער שוואַן אין וואַסער,
באַלייכט פון לבנה־שיין:
זיין ליעד ווערט שטיל און שטילער,
ביז ס'וואַסער שלינגט איהם איין.

ארום איז שטיל און טונקעל,
פאראומערט מאט און מיעד:
דער שטערען אויף שטיקלעך צובראכען,
פארקלונגען דאס שוואנען־ליעד.

60.

אין א ריעזענשלאס האט מיר דער גאט פון חלומות געבראכט,
וואו ס'דופטען די לופטען, ווי לייכטענדע שטראהלען,
און מענשען פארפוצטע אין גלאנץ און אין פראכט
באוועגט האבען זיך אין לאבירינטישע זאלען.
דער בלייכער בעל חלום די טיר זוכט פארטראכט,
און ברעכט מיט די הענד און האלט אין איין פאלען,
די דאמען און ריטער, זיי טראגען זיך אום;
און רייסען מיך מיט אין דעם רויש און געברום.

דאך פלוצלונג אליין בלייב, אליין גאר איך שטעה,
מיך וואונדערט, ווי גיך ס'זענען אלע פארשוואונדען.
איך וואנדער אליין, איך איל זיך, איך געה,
דורך זאלען און צימערן מאדנע פארבונדען.
מיין פוס ווערט בליי, אין הארצען שרעק און וועה,
איך זוך א טיר, עס פליהען די שטונדען;
איך קום צו ענדליך צו דער לעצטער טיר,
איך וויל ארויס, — אה, גאט! ווער שטעהט פאר מיר?

דאס איז מיין געליעבטע געשטאנען ביים טיר,
צער אויף די ליפען, זארג אויפ'ן שטערען.
איך זאל זיך צוריקעהרען ווינקט זי מיר;
איך וויים ניט, זאל איך זי פאלגען, זאל הערען.
א פייער, א מילדער לייכט ארויס מילד פון איהר,
וואס וויל מיך פארברענען און ציהט מיך צו טרעהרען.
און ווי זי האט וואונדערליך אנגעקוקט מיך,
פון שלאף, פון טיעפען, ערוואכט האב איך.

61.

ס'איז האַלבע נאַכט, אַלץ קאַלט און שטום
קלאָגענדיג בלאָנדזשע איך אין וואַלד אַרום.
איך האָב די ביימער פון שלאָף געוועקט,
זיי האָבען פול מיטלייד די קעפּ אויסגעשטרעקט.

62.

ביים פאַרקען ליגט באַגראָבען,
ווער זיך אַליין ברייננגט אום;
דאָרט וואַקסט אַ בלאָהע בלימעל,
די אָרמע זינדער־בלום.

ביים פאַרקען שטעה איך און זיפץ,
די נאַכט איז קאַלט און שטום,
אין לבנה־שיין באַוועגט זיך
די אָרמע זינדער־בלום.

63.

וואו איך בין, אַרום נאָך דונקעלט
פינסטערנים, טעמפּ און געדיכט,
זינט פאַר מיר שוין מעהר ניט פינקעלט,
ליעבסטע פון דיין אויג דאָס ליכט.

פאַר מיר פאַרלאָשען איז די זיסע,
די גאָלדענע ליעבעס־שטערען־פּראַכט
גרייט זי דער אבגרונד, גרייט די תפיסה,
נעהם מיך אויף שוין, אַלטע נאַכט.

64.

מען האָט איהם באַגראָבען ביים שייד־וועג,
ווייל ר'האָט זיך דאָס לעבען גענומען.
און איבער איהם וואַקסען איצט בלומען.
מען רופט זיי דעם „זינדיגען בלומען."

און זיפּצענדיג שטעה איך ביים שייד־וועג
און קען גאָר צו זיך איצט ניט קומען.
און קוק ווי עס ציטערען שטראַהלען
דאָרט איבער דעם זינדיגענם בלומען.

65.

די אַלטע בייזע ליעדער,
חלומות שלעכט און שווער,
זיי לאָמיר יעצט באַגראָבען,
אַנ׳ארון ברייננגט אהער.

איך וועל אייך דאָרטען לעגען, —
דאָך ניין, און שווייג דערפון;
דער ארון מוז זיין גרעסער,
פון היידעלבורגער טון.

און ברייננגט א מטה
פון ברעטער פעסט און דיק,
אויך מוז ער זיין נאָך לענגער,
פון מאַינצ׳ער לאַנגען בריק.

און ברייננגט מיר אויך צוועלף רויזען,
זיי מוזען שטאַרקער זיין,
פון קריסטאָפער אין דאָם־קירך
פון קעלן, דער שטאָדט ביים רהיין.

אין ים פאַרזינקען זאָלען
דעם ארון זיי געשווינד,
דען אזא גרויסער ארון
א גרויסע גרוב פאַרדיענט.

וויסט איהר פאַרוואָס דער ארון
אי נרוים, אי שווער מוז זיין ?
עס ליעגט אין איהם מיין ליעבע,
מיין וועהטאָג און מיין פיין.

1.

אין מײַן זעהר באטריעבטען לעבען
האט אמאל געשטראהלט א בילד,
איצט, ווען ס'האט דאס בילד פארבלייכט שוין,
האט די נאכט מיך איינגעהילט.

זיצען קינדער אין דער פינסטער —
ציטערט ס'קינדישע געמיט;
ווילען זיי דעם שרעק פארטרייבען,
זינגען זיי זיך הויך א ליעד.

איך בין אויך א קינד, אט זינג איך
איצטער אין דער פינסטערקייט;
באטש עס קלינגט מיין ליעד ניט פרעהליך,
בין איך דאך פון שרעק באפרייט.

2.

איך ווייס ניט, וואס קען עס באטייטען,
וואס איז אזוי טריעב מיין געמיט;
א מעשה פון אוראלטע צייטען
פארגעסען קען איך גאר ניט.

פארנאכט, א ווינטעלע שפיעלט זיך
און רוהיג מורמעלט דער רהיין;
דער שפיץ פון בארג פארהילט זיך
פון אבענד־זונענשיין.

די שענסטע יונגפרוי פֿון זיצען
דאָרט אויבען — וואונדערליך גאָר;
די גאָלדענע ציערונגען בליצען —
זי קעמט איהרע גאָלדענע האָר.

זי קעמט זיי מיט גילדענע קאמען
און זינגט דערביי אַ ליעד:
דאָס ליעד און דער ניגון צוזאמען
עס רופט אַזוי און ציהט.

דעם פישער אין שיפעל אין קליינעם
נעהמט אַן אַ וועה איהם און דריקט;
ער זעהט ניט פעלזען, די שטיינער —
ארויף אין דער הויך — ער בליקט.

איך גלויב, די כוואַליעס פארשלינגען
דעם פישער אין שיפעל ביי נאכט,
און דאָס האָט נאָר מיט איהר זינגען
די לאָרעליי געמאכט. —

3.

מיין הארץ, מיין הארץ איז טרויריג,
דאָך איז דער פריהלינג צוריק,
איך שטעה אָנגעלעהנט אָנ'ם לינדבוים,
הויך אויף דער פעסטונג'ס בריק.

און אונטען לויפט דער שטאָט־טייך,
דער בלאָהער, אין שטילער רוה:
אַ אינגעל זיצט אין שיפעל
און כאפט פיש און פייפט זיך צו.

אויף יענער זייט זעהט זיך וואָס קוים־קוים,
נאָר קוקט אייך צו זעהט איהר עס באלד,
פּאַליוצען און גערטנער און מענשען
און אָקסען און לאָנקעס און וואלד.

די מיידלעך וואשען וועש דאָרט
און שפּרינגען ארום, ווי פארשייט:
דאָס מיהלראָד שיט בריליאנטען,
איך הער זיין גערויש פון דער ווייט.

א בודקע פאר דער וואך שטעהט
ביים טורעם ביי דער בריק,
א זעלנער אין א רויטען ראָק
געהט אום דאָרט היין און צ׳ריק.

ער האלט זיין ביקס און שפּיעלט זיך,
די זון באלייכט זי רויט,
א דרעה און א שטעל, אויפ׳ן אקסעל די ביקס —
הלואי שיסט ער מיך צום טויט.

4.

איך געה ארום אין וואלד און וויין,
די דראָסעל אויבען שלייפט איהר צונג;
זי שפּרינגט און זינגט גאָר פיין:
„וואָס טוט דיר וועה, מיין יונג?“

די שוואלבען, דיינע שוועסטער,
זיי ווייסען דאָס געוויס, —
זיי האָבען געוואוינט אין די נעסטער,
וואו מיין ליעבסטער׳ס פענסטער איז.

5.

די נאכט איז פייכט און שטורמיש,
דער הימעל איז פינסטער און שטום;
אין וואלד אונטער רוישינע בוימער
וואנדעל איך שווייגענדיג אום.

עס צאנקט פון דער ווייטענס א ליכטעל
אין דעם איינזאמען יעגער׳ס הויז;
עס זאל מיך נאר דארט ניט פארנארען,
ווייל ס׳זעהט דארטען נאר ניט־גוט אויס.

עס זיצט זיך די שטאק־בלינדע באבע
אין לעדערנעם לעהנשטוהל דארט,
שטאר, ווי פון שטיין אויסגעהאמערט
און רעדט ניט קיין איין איינציג ווארט.

דעם וואלד־יעגער׳ס זוהנדעל, דער רויטער,
לויפט שעלטענדיג אלע מיט האס,
ער האקט מיט דער ביקס אן דער וואנד שטארק
און לאכט פאר ווילדען כעס.

די שענע שפינערין ווינט גאר
און באנעצט מיט טרעהרען דעם פלאקס;
דעם פאטער׳ס הונד איהר צופוסענס
זעהט אויס ווי געגאסען פון וואקס.

6.

איך האב אויף דער רייזע צופעליג
מיין ליעבסטער׳ס משפחה דערקענט,
איהר שוועסטעריל, איהר טאטע־מאמע,
מיר האבען גערריקט זיך די הענד.

זיי האָבען געפרעגט ווי עס געהט מיר
און אליין געזאָגט מיר גלייך,
אז איך האָב מיך גאָרנישט געענדערט,
נאָר אז מיין פנים איז בלייך.

איך האָב זיי געפרעגט אויף א מוהמען,
א צווייטע, וואָס כ׳האָב נאָך איהר בילד,
געפרעגט אויפ׳ן קליינטשיקען הינטעל,
וואָס האָט אזוי זאנפטיג געבילט.

„וואָס מאכט דאָס פארהייראטע פּאָרעל?“ —
האָב איך כלומר׳שט געפרעגט ביי דער זייט,
דאן האָט מען מיר פריינדליך געענטפערט,
אז זי איז שוין אויף דער צייט.

איך האָב זיי גוטס געוואונשען,
און געבעטען שטיל, מען זאָל
זי אמת הארציג גריסען
פון מיר, פיעל טויזענד מאָל.

דאָס שוועסטעריל האָט דערצעהלט מיר:
„דאָס קליינע הינטעל פיין,
איז גרויס און ווילד געוואָרען
און זיך דערטרענקט אין רהיין.“

די קליינע איז ווי די ליעבסטע,
באזונדערס ווען זי לאכט;
זי האָט די אייגענע אויגען,
וואָס האָבען מיך קראַנק געמאכט.

7.

בײם ים בײם פֿישער־הײזעל
געזעסען זענען מיר,
געקוקט װי ס'קומען נעבלען
געריכטע אָהן אַ שיער.

אין לײכט־טורעם האָבען שױן דעמאָלט
די לאָמפּען העל געברענט,
און אין דערװײטענס האָט מען
אַ שיף נאָך זעהן געקענט.

מיר האָבען גערעדט און גערעדט דאָן,
פֿון שיפֿען װאָס זענען אין װעג.
און װי אַזױ ס'לעבען מאַטראָזען,
צװישען פֿרײד און שרעק.

גערעדט פֿון װײטע ברעגען,
פֿון זידען און פֿון נאָרד,
און פֿון די מאָדנע פֿעלקער
און די מנהגים דאָרט.

בײם גאַנגעס שמעקט און לײכט אַלץ
און ריעזען־בױמער בליהען,
און שענע, שטילע מענשען
פֿאַר לאָטאָסבלומען קניהען.

די לאַפּלאַנדער זענען גאָר שמוציג,
פֿלאַכקעפּיג, ברײטמױליג און קלײן;
זײ ליעגען בײם פֿײער און באַקען
זיך פֿיש און קװאַקען און שרײ'ן.

די מיידלעך, זיי הערען דאָס ערענסט,
און ענדליך רעדט קיינער ניט מעהר.
די שיף האָט מען מעהר ניט געזעהן שוין.
ס'איז פינסטער אויף לאנד און אויף מעער.

8.

דו שענע פישער־מיידעל,
דיין שיפעל פיהר צום לאנד;
קום, זעץ זיך דאָ אנידער
און גיב מיר, גיב דיין האנד.

לייג אויף מיין הארץ דיין קעפעל
און שרעק זיך ניט מיין קינד;
פארטרויסט זיך דאָך טאָג־טעגליך
אָהן זאָרג דעם ים און ווינד.

מיין הארץ איז ווי דער ים גלייך,
עס שטורמט און שטייגט און פאלט;
און אויך פיעל שענע פערעל
זיין טיעפעניש באהאלט.

9.

די לבנה איז אויפגעגאנגען
און באשיינט די וועלען;
ב'האלט מיין ליעבסטע ווי געפאנגען
און ביידענס הערצער קוועלען.

פארטראכט איז מיין געליעבטע,
זי האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט;
„וואָס הערסטו דעם ווינד, א באטריעבטע?
וואָס ציטערט דיין ווייסע האנד?“

„דאָס רױשט ניט דער װינד, דו מײן בעסטער,
דאָס איז א ים־פרױ'ס געזאנג.
דאָס זינגען מײנע שװעסטער,
װאָס זענען אין ים שױן לאנג.

10.

אויף די װאָלקען רוהט די לבנה,
װי א ריעזען־פּאָמעראנץ,
און באשטראהלט דעם גרױען ים
מיט א ברײטען, גאָלדנעם גלאנץ.

אײנזאם װאנדעל איך בײם ברעג,
װאו די װײסע כװאַליעס רױשען,
און איך הער פיעל זיסע רײד,
זיסע רײד אין װאסער פלױשען.

אך, די נאכט איז שױן צו לאנג,
און מײן הארץ קען מעהר ניט שװײגען;
שענע ים־פרױען, טאנצט ארױס,
איהר מוזט מיר אײער כשוף צײגען.

נעמט מײן קאָפּ אין אײער שױס,
לײב און זעעל װיל איך אײך געבען!
זינגט און האַלזט מיך אײן צום טױט,
קושט מיר אױס פון הארץ דאָס לעבען!

11.

אײנגעהילט אין גרױע װאָלקענס,
שלאָפען איצט די גרױסע געטער;
און איך הער זײ װי זײ שנאַרכען,
מיר װעלען האָבען שלעכטעס װעטער.

שלעכטעס וועטער! — און די שטורעמס
ווילען גאָר די שיף פארזינקען;
אוי, ווי ער האלט איצט איין די ווינטען
וועלכע ווילען אונז דערטרינקען!

קיינער קען אונז גאָר ניט העלפען.
הער עס קראכען שוין די ברעטער!
און איך היל זיך איין אין מאנטעל,
און וויל שלאָפען ווי די געטער.

12.

דער ווינד טוט זיינע הויזען אָן,
די ווייסע וואסער־הויזען!
ער שמייסט די וועלען אין ווילדען קאָן,
זיי רוישען און ברומען און ברויזען.

פון אויבען אראָב מיט ווילדער מאכט
א שלאגסרעגען נעמט לויפען,
גלייך ווי ס'וויל די אלטע נאכט
דעם אלטען ים אויסזויפען.

די מעווע האלט ביים מאסטבוים זיך,
מיט א הייזעריגען קלאָגען;
זי פלאטערט און וויל גאָר שוידערליך
אנ'אומגליק נאָר אנזאָגען.

13.

דעם שטורם שפיעלט אויף צום טאנצען,
ער פייפט און ברויזט און ברילט;
אוי־אוי, ווי ס'שפרינגט דאָס שיפעל!
די נאכט איז לוסטיג און ווילד.

עס בויען זיך בערג פונ'ם וואסער,
עסווירבעלט דער ים אינ'ם שטורם;
דאָ גענעצט א שווארצער אבגרונד,
דאָרט בויט זיך פון וואסער א טהורם.

א שילטען, א וויינען, א בעטען
קלינגט פון די קאיוטען ארוים:
איך האַלט מיך אַן פעסט אַן דעם מאסטבוים:
און ווינש מיר, כ'זאָל זיין שוין אין הויז.

14.

עס נעמט זיך דער אבענד שוין שטעלען,
ס'פאַרנעבעלט דער ים זיך שוין אויך,
גאָר סודות'דיג רוישען די וועלען
און שטייגען ארויף אין דער הויך.

די ים־פרוי שטייגט אויף פון די וועלען,
און זעצט זיך צו מיר אויפ'ן לאנד;
די ווייסע ברוסטען קוועלען
ארוים פון דעם שלייער־געוואנד.

זי דריקט מיך און זי פרעסט מיך
און טוט כמעט מיר וועה; —
דו דריקסט דאָך שוין צו פעסט מיך,
דו שענע וואסער־פעע!

„איך פרעס דיך מיט דערבארמען,
און דריק דיך מיט געוואלד:
איך וויל ביי דיר מיך ווארמען,
דער אבענד איז צו קאַלט."

די לבנה ווערט אלץ בלאסער,
גלייך ס'טוט איהר עפּעס וועה;
דיין אויג ווערט טריעבער און נאסער,
דו שענע וואסער־פעע!

„עס ווערט ניט טריעבער און נאסער,
ס'איז נאס און טריעב מיין אויג,
ווייל ווען כ'בין ארויס פון וואסער
איז געבליבען א טראָפּען אין אויג."

עס שרייען די ים־פייגעל קלעגליך,
גלייך ס'טוט זיי עפּעס וועה; —
דיין הארץ קלאפּט ווילד, באוועגליך,
דו שענע וואסער־פעע!

„מיין הארץ קלאפּט ווילד, באוועגליך,
עס קלאפּט באוועגליך, ווילד,
ווייל איך ליעב דיך ווי נאַר מעגליך,
דו ליעבליך מענשענבילד!"

15.

טאָג־טעגליך אין פריהמאָרגען,
ווען כ'געה פאַרביי דיין הויז,
דערפרעה איך מיך, דו קליינע,
ווען דו קוקסט פון דאָרט ארויס.

מיט דיינע שווארץ־ברוינע אויגען,
פרעגסטו מיך פאַרשענדיג דאן:
„ווער ביזטו און וואָס פעהלט דיר,
דו פרעמדער, בלייבער מאן?"

איך בין אַ דייטשער דיכטער,
באַקענט אין דייטשען לאַנד;
דערמאַנט מען די בעסטע נעמען,
דאַן ווער איך אויך דערמאַנט.

און דאָס וואָס מיר פעהלט, קליינע,
פעהלט פיעלע אין דייטשען לאַנד;
דערמאַנט מען די ערגסטע שמערצען,
ווערט מיין שמערץ אויך דערמאַנט.

16.

עס גלאַנצט דער ברייטער ים אַרויס
אין לעצטען אָבענד־שיין,
מיר זענען געזעסען אין פישער־הויז,
געזעסען שטיל און אליין.

דער נעבעל שטייגט, דער ים ווערט פול,
דער ים־פויגעל דרעהט זיך גאַלאָפּ;
פון דיינע אויגען ליעבעפול
רינען די טרעהרען אַראָפּ.

זיי זענען געפאַלען אויף דיין האַנד,
דאַן אויף די קניה געזונקען;
דאַן האָב איך פון דיין ווייסער האַנד
די טרעהרען אויסגעטרונקען.

פון דאַמאָלס אַן פאַרגעה איך אַזוי,
מיין זעעל זי מוז פאַרצעהרען; —
ווייל ס'האָט מיך אַ פאַרשאָלט'נע פרוי
פאַר'סמ'ט מיט איהרע טרעהרען.

17.

אויף יענעם בארג דאָרט אויבען,
דאָרט שטעהט א פּרעכטיג שלאָס,
דאָרט וואוינען דריי שענע מיידלעך,
וואָס האָבען געליעבט מיך אהן מאָס.

שבת געקושט האָט מיך יעטע
און זונטאג מיך יוליע דערקוויקט,
און מאָנטאג האָט די קוניגונדע
אין ד'אָרעמס כמעט מיך צודריקט.

דאָך האָבען אויף איינמאָל א דיענסטאג
באשטימט די דריי מיידלעך א פעסט;
עס זענען אויף פערד און אין קאָטשען
געקומען צו פאָהרען די געסט.

מען האָט אָבער מיך ניט געבעטען,
דאָס הייסט זיך שוין נאַריש געגרויסט!
עס האָבען באמערקט דאָס די מוהמעס
און האָבען געלאכט אין דער פויסט.

18.

אויפ'ן האָריזאָנט דעם ווייטען
שווימט ארויס א נעבעל־בילד,
די שטאָדט מיט איהרע טורעמס
איז אין אבענד איינגעהילט.

א ווינד א פייכטער קרויזעלט
דעם גראָהען וואסער־וועג,
דער שיפער אין מיין שיפעל,
ער רודערט ווי מיט שרעק.

די זון באלייכט נאך איינמאל
פון ווייטען א געצעלט,
און ווייזט וואו כ'האב פארלוירען
דאס ליעבסטע אין דער וועלט.

19.

שטאדט, איך קום דיך איצט באגריסען,
ביזט מיט סודות פול און גרויס;
האסט אמאל דאך מיין געליעבטע
איינגעטוליעט אין דיין שויס.

זאגט מיר אז, איהר טורעמס, טויערען,
וואו איז די געליעבטע מיין?
כ'האב זי אייך דאך אנפארטרויט,
פאראנטוואָרטליך מוזט איהר איצט זיין.

עס זענען די טורעמס ניט שולדיג,
זיי שטעהען דאך פעסט אויף איין פלאץ,
און האבען געקענט זיך ניט ריהרען,
ווען ס'האט זיי פארלאזען מיין שאץ.

עס האבען אבער די טויערען
געלאזט זי אוועק אין דער שטיל:
א נאר איז שטענדיג ווילליג,
אויב נאר דאס מיידעל וויל.

20.

כו וואנדעל איך ווידער דעם אלטען וועג,
די שטאט איז ווי כ'האב זי געלאזען:
איך קום פאר מיין געליעבטער'ס הויז
שטעהט עס גאר פוסט און פארלאזען.

די גאסען זענען דאָך דאָ צו ענג!
דער אספאלט אונערטרעגליך!
די הייזער פאלען מיר אויפ'ן קאָפּ!
איך לויף אזוי שנעל ווי מעגליך!

21.

כ'געה אום אין יענע זאלען,
וואו זי האָט מיר טרייקייט פארשפּראָכען;
וואו ס'זענען אמאָל איהרע טרעהרען געפאלען
זענען איצט שלאנגען ארויסגעקראָכען.

22.

שטיל איז די נאכט, נאָר ווינטלעך בלאָזען,
אין יענעם הויז דאָרט וואוינט מיין שאַץ,
זי האָט שוין לאנג די שטאָט פארלאָזען,
דאָך שטעהט נאָך דאָס הויז אויפ'ן אייגענעם פּלאַץ.

דאָרט שטעהט אויך אַ מענש און ער קוקט אין דער הויך אַליין,
און ברעכט זיך די הענד מיט אַ פּיינליכער גוואלד;
מיך גרוילט אזש ווען איך זעה זיין פּנים —
די לבנה ווייזט מיר מיין אייגען געשטאלט.

דו שאָטען מיינער, דו בלייכער חבר!
וואָס קרומסטו נאָך מיר פון דער וויַיט,
די צרות, וואָס איך פלעג דאָ ליידען
יעדע נאכט, אמאָליגע צייט?

23.

ווי קענסטו רוהיג שלאָפען,
און ווייסט, אז איך לעב נאָך?
דער אלטער צאָרן קומט ווידער,
און דאַן צוברעך איך מיין יאָך.

קענסטו דאָס אַלטע ליעדעל,
ווי ס׳האָט אין מיטען נאַכט,
א טויטער זיין געליעבטע
צו זיך אין גרוב געבראַכט?

מיין הארציגע געליעבטע,
דו דארפסט דאָך מיך שוין קענען,
איך לעב און בין נאָך שטארקער,
ווי אלע טויטע זענען.

## 24.

דאָס מיידעל שלאָפט אין קאַמער,
און ס׳פאלט אויף איהר לבנה־שיין;
אין דרויסען קלינגט א וואלצער,
און דרינגט צו׳ן איהר אריין.

„איך וועל נאָר זעהן פון פענסטער,
ווער ס׳שטערט מיר דאָ מיין רוהע".
דאָרט שטעהט א מת, בלויז ביינער
און פיעדעלט און זינגט זיך צו.

„האָסט א טאַנץ מיר אמאָל פארשפּראָכען
און האָסט ניט געהאלטען דיין וואָרט,
און היינט איז א באל אויפ׳ן קירכהויף,
קום מיט, מיר טאַנצען דאָרט."

די יונגפרוי דערשרעקט זיך געוואלדיג,
עס לאָקט זי ארויס פונ׳ם הויז:
זי געהט נאָך דעם מת, און ער זינגט אלץ
און פיעדעלט און געהט פאַראויס.

ער פידעלט און טענצעלט און האָפּקעט,
און קלאָמפּערט אַ ביין אָן אַ ביין,
און ווינקט אַלץ און ווינקט מיט'ן שאַרבען,
און ס'ניסט די לבנה איהר שיין.

25.

איך האָב איהר בילד באַטראַכט לאַנג
און ווי אין טרוים געשוועבט,
און ס'האָט דאָס ליעבע פּנים,
מיר דוכט זיך, אויפגעלעבט.

עס שמייכלען איהרע ליפּען,
דער קאָפּ גיט זיך אַ נויג,
און ס'האָבען ליידענס־טרעהרען
געפינקעלט אין איהר אויג.

אויך איך האָב דאַמאָלס טרעהרען
פאַרגאָסען אין מיין פּיין —
איך קען עס, קינד, ניט גלויבען,
אַז דו ביזט מעהר ניט מיין.

26.

איך אומגליקליכער אַטלאַס! אַ וועלט,
די גאַנצע וועלט פון צרות מוז איך טראָגען,
איך טראָג דאָס אונערטרעגליכע, און פּלאַצען
וויל דאָס הארץ אין לייב מיר.

דו שטאָלצעס הארץ, דו האָסט דאָך עס געוואָלט!
געוואָלט דאָך גליקליך זיין, אונענדליך גליקליך,
אָדער אונענדליך עלענד, שטאָלצעס הארץ,
און איצטער ביזטו עלענד.

27.

עס קומען די יאָהרען און געהען
און ס'בייטען זיך דורות אויף גיך,
דאָך קיינמאָל פארגעהט ניט די ליעבע,
וואָס איך טראָג אין הארצען ביי זיך.

נאָר איינמאָל נאָך וויל איך דיך זעהען,
דיר ווייזען מיין ליעבעס־פלאַם,
און שטאַרבענדיג דיר זאָגען:
„איך האָב אייך ליעב, מאדאם!"

28.

עס האָט מיך גע'חלומ'ט אַ טרויריגע נאכט,
כ'האָב פלוצלונג געגומען זיך איילען,
צו דער שטאָדט פון מיין ליעבסטער א רייזע געמאכט
אויף הונדערטער הונדערטער מיילען.

און גלייך האָט עס מיך צו'ן איהר הויז צוגעפיהרט,
געקושט דאָרט די שטיינערנע שטיגען,
די, וועלכע ס'האָט אָפט איהר פוס באריהרט
און די, וואו איהר שלעפ פלעגט ליגען.

די נאכט געוועזן איז לאנג און קאלט,
און קאלט איז געוועזן איהר כונה;
פון פענסטער געקוקט האָט א בלאסע געשטאַלט
באלויכטען פון דער לבנה.

29.

וואָס וויל די איינזאמע טרעהר דען?
זי פארטריבט מיין בליק.
זי איז מיר אין אויג געבליבען
מיט אַ לאנגער צייט צוריק.

געהאט האָט זי ליכטיגע שוועסטער,
וואָס זענען צופּלאָסען געשווינד,
מיט מיינע ליידען און פריידען,
צופלאָסען אין נאכט און ווינד.

עס זענען שוין אויך צופלאָסען
די בלאָהע שטערען קליין,
וואָס האבען די פריידען און ליידען
געבראכט מיר אין הארץ אריין.

אך, אפילו מיין ליעבע
איז אויך אוועק ווי רויך!
טרעהר, דו איינזאמע, אלטע,
צופליעס־זשע דו שוין אויך!

30.

די הערבסטיגע האלבע לבנה,
קוקט פון די וואָלקענס ארויס,
גאָר איינזאם אויפ'ן צווינטער,
דאָרט שטעהט דעם גלח'ס הויז.

די מאמע לייענט די ביבעל,
דער זוהן, ער שטעהט פארצאַגט,
די עלטערע ציהט זיך פארשלאָפען,
די אינגערע טאָכטער זאָגט.

„אך גאָט, די לאנגע טעג דאָ,
ווי לאנגווייליג זיי פארגעהען!
בלויז ווען מען ברענגט דאָ א טויטען,
האָט מען כאָטש עפּעס צו זעהען."

עס רופט זיך די מוטער אן: „קינד מיינס,
עס זענען געשטאָרבען בלויז פּיער,
זינט מען האָט דיין טאַטען באַגראָבען
דאָרט ביי דער קירכהויף־טיר."

די עלטערע טאָכטער גענעצט:
„איך וויל ניט דאָ אויסגעהן ביי אייך,
איך געה צום גראף אוועק מאָרגען,
ווייל ער איז פארליעבט און רייך."

דער זוהן שיסט אויס א געלעכטער:
„דריי יעגער טרינקען מיט שפּאַס,
זיי מאכען גאָלד און וועלען
אויסזאָגען מיר דעם סוד."

די מוטער וואַרפט איהם די ביבעל
אין דאָרען פּנים אריין:
„איז ווילסטו, אויסוואורף איינער,
א גאַסען־רויבער זיין!"

זיי הערען ווי ס׳קלאַפּט אין פענסטער,
און זעהען ווי ס׳ווינקט דאָרט א האנד;
דער טויטער פאָטער שטעהט דרויסען,
אין זיין גלח׳יש געוואנד.

31.

עס איז א הינטיש וועטער,
עס רעגענט און שטורעמט און שנייט;
איך קוק מיר ארויס פון מיין פענסטער,
ארויס אין דער פינסטערקייט.

עס בלאַנדזשעט אַנ'איינזאַם ליכטעל,
און באַלייכט אַ שמאָלען פּאַס;
אַ מאַמעלע געהט מיט אַ לעמפּעל
אַט דאָרטען איבער דער גאַס.

איך מיין, אַז מעהל און אייער
און פּוטער קויפט זי דאָרט;
זי וויל עס פאַר איהר טעכטעריל
באַקען אַנ'אמת'ן טאָרט.

זי ליעגט אין שטוב אין וויעגשטוהל
און ס'שלעפערט זי געוויס;
די גאָלדענע לאָקען פאַלען
איבער איהר פּנים'על זיס.

32.

מען האָט געגלויבט, אַז ווידער
בין איך פאַרליעבט און לייד;
און איצטער גלויב איך עס אויך שוין,
צוגלייך מיט אַנדערע לייט.

דו קינד מיט די גרויסע אויגען,
איך האָב עס דיר שטענדיג געזאָגט,
אַז כ'האָב דיך ליעב אונענדליך,
אַז אין מיין הארצען טאָגט.

דאָך נאָר אין איינזאַמען צימער
פּלעג איך דאָס רעדען פריי,
אַזוי האָב איך שטענדיג געשוויגען,
ווען דו פלעגסט זיין דערביי.

ס'האָבען מיר שלעכטע מלאכים
פארהאלטען דאָס מויל, מיין קינד:
און דורך די שלעכטע מלאכים
בין איך דאָס עלענד אצינד.

33.

דיינע ווייסע ליליען־פינגער,
אך, נאָר איינמאָל זיי צו קושען,
און זיי דריקען צו מיין הארץ,
און פארגעהן אין שטילע טרעהרען!

דיינע קלאָהרע פיאלקען־אויגען
שוועבען פאר מיר טאָג און נאכט,
און איך פרעג מיך: וואָס באטייטען
אָט די זיסע, בלאָהע סודות?

34.

„האָט זי קיינמאָל ניט גערעדט דען
וועגען דיין פארליעבטען וועזען?
האָסטו קיינמאָל אין די אויגען
ניט געקענט דאָס הארץ איהר'ס לעזען?

ניט געקענט אין איהרע אויגען
א נשמה־פאָרשונג מאכען?
און דו ביזט דאָך ניט קיין עזעל,
טייער'ער פריינד, אין אָט די זאכען."

35.

זיי האָבען געליעבט זיך און האָבען
עס ביידע געהאלטען בסוד,
זיי האָבען מיט האַס אנגעקוקט זיך,
און ס'הארץ האָט געבעטען גענאָד.

זיי האָבען צושיידט זיך און האָבען
בלויז זעלטען געזעהן זיך אין טרוים;
זיי זענען געווען געשטאָרבען
און האָבען געוואוסט עס קוים.

36.

ווען כ'האָב מיינע שמערצען פאר אייך אויסגעקלאָגט,
דאַן האָט איהר געגענעצט און גאָרנישט געזאָגט;
נאָר ווען כ'האָב זיי ציערליך אין ליעדער געבראכט,
דאַן האָט איהר מיר גרויסענע שבחים געמאכט.

37.

כ'האָב גערופען דעם טייוועל: קום!
איך קוק מיך אום: ער איז פאַראַן.
ער איז ניט מיאוס און איז ניט קרום,
אַ ליעבליכער, שאַרמאַנטער מאַן.
אַ מענש אין זיינע בעסטע יאָהרען,
העפליך און, ווייזט אוים, די וועלט באַפאָהרען,
ער איז אַ קלוגער דיפּלאָמאַט,
און רעדט גאַנץ שען וועגען קירך און שטאַט,
בלאַסליך אביסעל, נאָר וואָס איז דאָס וואונדער,
אַז סאַנסקריט און העגעל שטודירט ער אצינדער.
זיין ליעבלינגס־פּאָעט איז אַלץ נאָך פוקעי.
דאָך וויל ער זיך מעהר מיט קריטיק ניט פאַרנעמען,
ער לאָזט איצט איבער אָט די טעמען
דער טייערער באָבע'ן העקאַטעי.
געפעלען איז איהם מיין יוריסטישעס שטרעבען,
אמאָל האָט ער אויך זיך דערמיט אָבגעגעבען.
עס איז איהם מיין פריינדשאַפט גאָר ליעב און כדאי,
און קוקט מיך אָן און שמייכעלט דערביי,
און פרעגט מיך צו האָבען מיר זיך

אמאָל ניט געזעהן שוין ביים שפּאַנישען געזאַנדטען?
און ווי איך בלייב שטעהן און באטראכט זיין געזיכט,
דערזעה איך אין איהם גאָר אַנ'אַלטען באַקאַנטען.

38.

מענש, דו לאַך נאָר ניט פון טייוועל,
קורץ איז דאָך דער לעבענס־וועג,
ס'איז דער אייביגער גיהנום
ניט קיין אויסגעטראַכטע שרעק.

מענש באַצאָהל נאָר דיינע חובות,
לאַנג איז דאָך דער לעבענס־וועג,
און דו קענסט נאָך דאַרפען באָרגען,
ווי אין פריהערדיגע טעג.

39.

פון מזרח דריי הייליגע קעניגען געהען
און אומעטום טוען זיי פרעגען:
וואו געהט, גוטע לייט, קיין בית לחם דער וועג?
מיר זעהען אזוי פיעל דאָ וועגען.

— „מיר וויסען ניט דאָ צו בית לחם דעם וועג" —
דעם ענטפער די קעניגען הערען
און וויטער זיי געהען, און ס'לויכט זיי אין וועג
אַ ליכטיגער, גאָלדענער שטערען.

דער שטערען בלייבט שטעהן איבער יוסף'ס געצעלט,
אין איהם די דריי קעניגען קומען.
געברילט האָט אַן עקסעל, אַ קינד האָט געשריען,
די דריי האָבען זינגען גענומען.

40.

מיין קינד, מיר זענען געוועזען
צוויי קינדער קליין אזוי:
געקראָכען אין היהנער־שטעלכעל,
באהאלטען זיך הינטער'ן שטרוי.

מיר האָבען געקרעהט ווי העהנער,
און פלעגט א מענש פארביי —
„קיקערעקי!“ — מען האָט געמיינט,
אז דאָס איז העהנער־געשריי.

אויף אונזער הויף די קאסטענס
האָבען מיר אויסטאַפּעצירט,
און דארט געוואוינט צוזאמען,
און א גרויס הויז געפיהרט.

דעם שכן'ס קאַץ די אלטע,
פלעגט קומען אָפט צו גאסט,
מיר האָבען פאר איהר געבוקט זיך
און קאָמפּלימענטען פארפאסט.

מיר האָבען געפרעגט זי: וואָס מאכט איהר?
איהר פריינדליך געוויזען א פלאַץ;
מיר האָבען פון דאַן אַן דאָס זעלבע
געזאָגט שוין נישט איין אלטער קאַץ.

מיר פלעגען אָפט זיצען און רעדען
מיט שכל, ווי אלטע לייט;
און טענה'ן ווי אלץ איז בעסער
געוועזען אין אונזער צייט;

ווי ליעבע, טרייקייט, גלויבען
פארשווינדען פון דער וועלט,
ווי טייער ס'איז שוין קאווע,
ווי וועניג ס'איז דא געלד!...

פארביי שוין די קינדער־שפּיעלען,
ווי ס'דרעהט זיך אלץ פארביי —
דאס געלד און די וועלט און די צייטען,
און ווער גלויבט היינט און ליעבט און איז טריי?!...

41.

ס'טוט וועה דאס הארץ ווען איך דערמאן מיך
די צייט, וואס האט שוין לאנג פארשוועבט,
די וועלט געווען איז גאר ניט קשה,
און רוהיג האט מען זיך געלעבט.

דאך איצט איז אלץ פארדרעהט, צוטומעלט,
עס איז א דרענגעניש, א נויט!
גאט איז אויבען שוין געשטארבען
און אונטען איז דער טייוועל טויט.

און אלצדינג קוקט מיט בליקען טריעבע,
אזוי צומישט און קאלט ווי שטיין,
וואלט ניט געווען דאס ביסעל ליעבע,
וואלט גאר קיין אנהאלט ניט געווען.

42

אזוי ווי די לבנה שיינט דורך
דורך די שווארצע וואלקען פיעל,
פונקט אזוי פון פינסטערע צייטען
לייכט פאר מיר א בילדער־שפּיעל.

מיר זענען אויפ'ן דעק געזעסען
און באטראכט דעם שטאָלצען רהיין,
און די זומער־גרינע ברעגען
גליהען אין דעם אָבענד־שיין.

כ'בין געזעסען שטיל צופיסענס
פון א דאמע שען און האָלד;
אין דעם ליעבען בלייכען פּנים
האָט די זון צושפּיעלט איהר גאָלד.

ליוטען קלינגען, אינגלעך זינגען,
הארציג איז די פרעהליכקייט,
בלאָה'ר געוואָרען איז דער הימעל,
און די זעעל געוואָרען ווייט.

בערג און שלעסער, וואלד און לאָנקעס
האָבען זיך געדרעהט אזוי;
און דאָס אַלץ האָט זיך געשפּיגעלט
אין דעם אויג פון יענער פרוי.

43.

אין טרוים האָב איך געזעהן מיין ליעבסטע,
א שוואכע, פאראומערטע פרוי,
פארוויאָנעט איז דער קערפּער,
וואָס האָט געבליהט אזוי.

איין קינד האלט זי אויפ'ן אָרעם,
א צווייטעס זעהט אוים קראנק.
און אָרימקייט און דחקות,
ליגט אין איהר גאנצען גאנג.

זי שלעפט ארום אין מארק זיך
און פלוצלונג שטעהט זי לעבען מיר.
זי קוקט מיך אן — און רוהיג,
און שמערצליך זאג איך צו איהר:

„קום מיט צו מיר אין צימער,
ווייל דו ביזט בלאס און שוואך;
איך וועל דורך מיה און ארבייט
דיר שאפען יעדע זאך.

איך וועל שוין אויך באזארגען
די קינדערלעך, די צוויי,
פאר אלעם אבער דיך נאר,
ביזט ארעמער פון זיי.

און כ׳וועל דיר ניט דערצעהלען,
אז כ׳האב דיך ווען געליעבט,
און שטארבסטו — וועל איך אויף דיין
קבר שטעהן באטריעבט.“

44.

טהיי׳רער פריינד! נו זאג, וואס טויג עס.
שטענדיג ס׳אלטע ליעד צו שוואצען?
ווארף די אלטע ליעבעס־אייער!
מוזטו זיצען ביז זיי פלאצען!

קריכען הינדלעך פון די שאלען,
דעקסטו צו זיי מיט א טיכעל,
און זיי פיפטשען און זיי פלאטערען,
און דו שפארסט זיי אין א ביכעל.

45.

ווערט זשע נאָר ניט אומגעדולדיג,
ווען פון אַלטע ליעבעס־קלאַנגען,
קלינגען טהייל נאָך גאַנץ נישט קשה
אין די נייעסטע געזאַנגען.

וואַרט נאָר אויס, עס וועט פאַרקלינגען,
ס'ווידער־קול פון מיינע ליידען,
און א נייער ליעדער־פריהלינג
בליהט פון הארץ — געהיילט פון פריידען.

47.

דער קעניג וויסוואַמיטרא
געפינט קיין רגע רוה,
ער וויל דורך קאמפף און ליידען
באקומען וואסישטא'ס קוה.

אַ, קעניג וויסוואַמיטרא,
אַ, וואָסער אָקס ביזטו,
וואָס קעמפסט אַזוי און ליידסט צרות,
און אַלץ צוליעב אַ קוה!

48.

הארץ, מיין הארץ, זיי ניט צונומען,
טראָג אַלץ מיט אַ שטאָלצען קאָפּ,
נייער פריהלינג גיט דיר אָב,
וואָס דער ווינטער האָט גענומען.

און וויפיעל איז דיר געבליבען,
און ווי שען איז נאָך די וועלט!
און מיין האַרץ, וואָס דיר געפעלט,
אלצדינג, אלצדינג דארפסטו ליעבען!

49.

דו ביזט מײן קינד א בלימעל,
ביזט ליעב און שען און רײן,
איך קוק דיך אן און טרויער
דרינגט אין מײן הארץ ארײן.

איך פיהל װי איך זאל בענשען
דײן קאפ, װאס איז פול חן,
און בעטען גאט זאלסט אײביג
זײן פײן און ליעב און רײן.

50.

קינד, עס װאלט געװען דײן אומגליק,
כ׳װעל מיך אויך אלײן באמיהען,
אז עס זאל דײן הארץ אין ליעבע
קײנמאל שוין פאר מיר ניט גליהען.

נאר עס קומט מיר אזוי לײכט אן,
אז עס װיל מיך דאך באטריבען,
און איך טראכט נאך דאך גאנץ אפטמאל:
אפשר װעסטו דאך מיך ליעבען!

51.

װען איך ליעג אויף מײן געלעגער
אין מײן קישען אײנגעהילט,
שװעבט פאר מײנע אויגען
א פרום און ליעבליך בילד.

און קומט דער שטילער דרימעל
און שליסט מיר ד׳אויגען קוים,
דאן שארט דאס בילד זיך אין דער שטיל
ארײן צו מיר אין טרוים.

דאָך, קומט דער שענער מאָרגען
צורינט ניט מעהר דאָס בילד,
איך טראָג עס יענעם טאָג שוין
אין הארצען איינגעהילט.

52.

מיידעל מיט די רויטע ליפּלעך,
מיט די אייגלעך זיס און קלאָר,
דו מיין טייער, קליינטשיק מיידעל,
כ'טראכט פון דיר און פון דיר נאָר.

לאנג איז היינט דער ווינטער־אָבענד
און איך וואָלט ביי דיר איצט זיין,
ביי דיר זיצען, מיט דיר פּלאפּלען
אין דיין היימליך שטיבעל קליין.

כ'וואָלט געדריקט צו מיינע ליפּען
דיין פארצערטעלט ווייסע האנד,
און באנעצט מיט הייסע טרעהרען
אָט די קליינע ווייסע האנד.

53.

אין דרויסען מעג דער שנעע זיך טורמען,
מעג עס האָגלען, מעג עס שטורמען,
ס'מעג די שויבען מיר צושלאָגען:
כ'וועל מיך קיינמאָל ניט באקלאָגען.
ווייל איך טראָג ביי מיר אין ברוסט,
מיין ליעבסטער'ס בילד און פריהלינגס־לוסט.

54.

צו דער מאַדאָנע בעט ניט אײנע,
אַנדערע בעטען צו פּאָול און פּעטער;
איך אָבער, איך װיל נאָר בעטען,
נאָר צו דיר, דו זון מײן שענע.

גיב מיר דײנע ליפּען רײנע,
זײ נאָר גוט צו מיר און גנעדיג,
שענסטע זון פון אַלע מײדלעך,
ביזט דאָך װי די זון די שענע.

55.

פאַראַכט דיר ניט מײן פּנים בלאַס,
מײן האַרץ, דאָס אָרים טריעבע?
און װילסטו, אַז דאָס שטאָלצע מױל
זאָל בעטלען בײ דיר ליעבע?

דאָס מױל, מײן קינד, איז װײט צו שטאָלץ,
עס קען נאָר קושען און שערצען;
עס קען אַמאָל זאָגען אַ זידעלדיג װאָרט
און שטאַרבען דערבײ פון שמערצען.

56.

„טײערער פרײנד, דו ביזט פאַרליעבט,
פּלאַצסט פון שמערץ און האַלטסט דיך ציכטיג;
טונקעלער װערט בײ דיר אין קאָפּ,
און אין האַרצען װערט דיר ליכטיג.

טײערער פרײנד, דו ביזט פאַרליעבט,
און װילסט עס דאָך ניט אַנערקענען,
און איך זעה דײן האַרצענס־גלות
דורכ'ן װעסטיל דײנס שױן ברענען.“

57.

איך האָב געוואָלט פאַרברענגען
און אָברוהען ביי דיר,
דאָך דו האָסט ניט געהאַט דאַן
קיין רגע צייט פאַר מיר.

מיין זעעל, — האָב איך געזאָגט דיר —
איז איצט איינגאַנצען דיין;
דאָך דו האָסט הויך צולאַכט זיך
און זיך פאַרבויגען פיין.

דו האָסט מיר נאָך פאַרגרעסערט
מיין טיעפע ליעבעס־וואונד, —
אפילו נאָך פאַרבאָטען
אַ קוש צום זיי־געזונד.

מיין ניט, איך וועל מיך דערשיסען,
ווי שלעכט ס'זאָל די זאַך ניט שטעהן!
דאָס אַלץ, מיין זיסע שענהייט
איז מיר אַמאָל שוין געשעהן.

58.

סאַפּירען זענען ד'אויגען דיין,
די ליעבליכע, די זיסע,
אַ, דריי מאָל גליקליך איז דער מאַן,
וואָס איז ביי זיי אין תפיסה.

דיין הארץ, דיין הארץ איז אַ בריליאַנט,
וואָס שפּריצט מיט פיינע פונקען,
אַ, דריי מאָל גליקליך איז דער מאַן,
וואָס ליגט דערין פאַרזונקען.

דען יעדע ליפּ איז אַ רובין,
וואָס טוט אין האַרצען ציעלען,
אַ, דריי מאָל גליקליך איז דער מאַן,
וואָס קען זיי אויף זיך פיהלען.

אַ, ווען איך קען דעם גליקליכען מאַן,
ווען איך קען איהם געפינען,
אַזוי אליין, אין גרינעם וואַלד,
זיין גליק וואָלט אויסגערונען.

59.

כ'האָב דיך נאָר געוואָלט באַטריגען,
מיט פאַלשער ליעבע, מיט פאַלשער היץ,
איצט פאַרשטריקט אין אייג'נעם ליגען,
ווערט אַן ערנסט פון מיין וויץ.

איצטער ווילסטו מיך פאַרלאָזען,
אַ, געוויס, דו ביזט גערעכט,
אַבער ווען איך נעם און שים מיך,
האָב איך אויך דאָך רעכט.

60.

צו פראַגמענטאַריש איז די וועלט און דאָס לעבען,
מען דאַרף עס אַ דייטשען פראָפעסאָר צוגעבען.
ער קען דאָס לעבען און וויים זיין עיקר,
ער שטעלט עס צוזאַמען פאַרשטענדליך אַזוי !
מיט זיינע מיצלעך און שלאָפראָק־שטיקער
פאַרשטאָפּט ער די לעבער פון וועלט־געבוי.

61.

איך האָב מיר לאַנג דעם קאָפּ געבראָכען
מיט טראַכטען און קלערען טאָג און נאַכט,
דאָך דיינע ליעבענסווירדיגע אויגען
האָבען מיך צום באַשלוס געבראַכט.

איצט בלייב איך וואו דיינע אויגען לייכטען
מיט זייער זיסער, קלוגער פּראַכט —
אַז איך וועל אַמאָל נאָך ליעבען
האָב איך קיינמאָל ניט געדאַכט.

62.

זיי האָבען דאָרט געסט היינט אין אָבענד,
דאָס הויז איז באַלויכטען מילד.
דאָרט אויבען ביים ליכטיגען פענסטער,
באַוועגט זיך אַ שאָטענדיג בילד.

דו זעהסט מיך ניט, ווייל ס'איז טונקעל,
און איך שטעה דאָ אונטען אליין.
וועניגער נאָך קענסטו קוקען
אין מיין טונקעל הארץ אריין.

מיין טונקעל הארץ — עס ליעבט דיך,
און וויל פאַר ליעבע צוגעהן,
צוגעהן, און ס'צוקט און ס'בלוטיגט,
נאָר דו קענסט דאָס ניט זעהן.

63.

הלוואי וואָלט אין איין איינציג וואָרט
זיך צוגאָסען מיין גאַנצע לייד,
עס וואָלטען'ס די לוסטיגע ווינטען
אַוועקגעטראָגען מיט פרייד.

געטראָגען צו דיר, געליעבטע,
דאָס שמערצענס־פולע װאָרט,
דו װאָלסט געהערט עס שטענדיג,
געהערט אויף יעדען אָרט.

און האָסטו צום שלאָף אויף בײנאַכט שױן
די אויגען פאַרמאַכט קוים־קוים,
דאַן װעט דיך מײן װאָרט פאַרפאָלגען
ביז אין דײן טיעפסטען טרוים.

64.

האָסט גאָלד און האָסט פעריל און אלצדינג,
װאָס איז נאָר אַ מענשען׳ס באַגעהר,
און האָסט די שענסטע אויגען —
מײן ליעבסטע, װאָס װילסטו מעהר?

אויף דײנע שענע אויגען
האָב איך דאָך אָהן אויפהער,
פיעל אײבינע ליעדער געדיכטעט, —
מײן ליעבסטע, װאָס װילסטו מעהר?

מיט דײנע שענע אויגען
האָסטו מיך געפײניגט זעהר,
און האָסט מיך פון לעבען פאַרשטױסען, —
מײן ליעבסטע, װאָס װילסטו מעהר?

65.

װער עס ליעבט צום ערשטען מאָל,
מעג זײן אָהן גליק, דער איז אַ גאָט.
אָבער װער צום צװײטען מאָל שױן
ליעבט אָהן גליק, דער איז אַ נאַר.

איך בין אזא נאַר, — איך ליעב איצט
ווידער אָהן א געגען־ליעבע ;
זון, לבנה, שטערען לאכען,
און איך לאַך נאָך מיט — און שטאַרב.

66.

זיי האָבען מיר עצות געגעבען,
באשיט מיך מיט כבוד אויפ׳ם לעבען,
געהייסען ווארטען — ס׳איז גוט ווי גאָלד,
זיי האָבען מיך פּראָטעזשירען געוואָלט.

אָבער ביי דעם גאַנצען פּראָטעזשירען,
האָב איך געקענט לייכט פאר הונגער קרעפּירען,
ווען ס׳וואָלט ניט געקומען א בראווער מאַן
און דערזעהן מיין לאַגע דאַן.

גוטער מענש ! געגעבען מיר עסען !
איך וועל איהם די טובה קיינמאָל ניט פארגעסען.
איך וואָלט איהם געקושט ! איז קיין וועג ניט פאראַן,
ווייל איך בין אליין דער בראווער מאַן.

67.

אַט דעם אמת־טייערען בחור
קען מען ניט גענוג פארעהרען,
ער טראַקטירט מיך אָפט מיט אויסטערן
און מיט רהיינוויין און ליקערען.

ציערליך זיצט אויף איהם דער אַנצוג,
און דאָס שניפּסעל : „אַך, ווי ס׳קליידט מיר !“
אַזוי קומט ער יעדען מאָרגען,
פרעגט וואָס כ׳מאַך און ווי עס געהט מיר.

רעדט אַ סך פון מיין באַריהמטקייט,
פון מיין פיינקייט, מיינע וויצען:
פלייסיג און געשעפטיג איז ער,
מיר צו דינען, מיר צו נוצען.

און אין אָבענד אין געזעלשאַפט,
ווערט ער קיינמאָל ניט קיין מיעדער,
דעקלאַמירט אַלץ פאַר די דאַמען
מיינע געטליך־שענע ליעדער.

אַ, מען דאַרף זיך ווירקליך פרעהען
אַזאַ יונג נאָך צו געפינען,
איצט, אין אונזער צייט, ווען ס׳גוטע
ווערט אַלץ מעהר און מעהר צורונען.

68.

מיר האָט גע׳חלום׳ט — איך בין גאָט
און זיץ אין הימעל אויבען,
מלאכים׳לעך זיצען אַרום מיר
און טוהן מיינע ליעדער לויבען.

איך עס פיינקוכען און קאָנפעקט
און דאַרף ניט קיינעמ׳ס טובות,
און קאַרדינאַל־וויין טרינק איך דערביי
און האָב ניט קיין שום חובות.

דאָך פּלאָגט מיך די לאַנגוויילִיקייט,
און ס׳ווילט זיך אַראָב אויף דער ערד שוין,
ווען איך בין ניט דער ליעבער גאָט,
וואָלט איך צום טייוועל געהערט שוין.

„געה מיין לאנגער מלאך גבריאל
אראָב צו די ערדען־קינדער,
געפין מיר אוים מיין פריינד אייגען
און ברענג איהם ארויף געשווינדער.

זוך איהם ניט אין קאָלעגיום;
זוך איהם ביים גלאָז טאַקאַיער;
זוך איהם ניט אין דער העדוויגס־קירך,
זוך איהם ביי מאַמזעל מאיער.“

דאַ שפרייט אוים די פליגעל ברייט
און פליהט אראָב, דער מלאך,
ער כאַפּט איהם אָן און ברענגט איהם ארויף,
מיין פריינד איז בלאַס ווי קאַלך.

„יאַ, יונג, איך בין דער ליעבער גאָט,
געפעלט דיר דאָס צו הערען?
איך האָב דאָך שטענדיג דיר געזאָגט,
כ׳וועל עפּעס רעכטס נאָך ווערען.

און נסים טו איך יעדען טאָג,
די מענשען צו ענטציקען!
און דיר צום שפּאַס וועל איך נאָך היינט
די שטאָדט בערלין באַגליקען.

„די פלאַסטער־שטיינער אויף דער גאַס,
זיי זאָלען איצט זיך שפּאַלטען,
און ס׳זאָל אַ יעדער שטיין אין זיך
אַנ׳אויסטער פריש ענטהאַלטען.

„א רעגען פון ציטרינען־זאפט
זאל טויאיג זיי באגיסען,
און זאל דארט אין די רינשטאקען
דער בעסטער רה־ינוויין פליסען.“

עס לויפט זיך שוין בערלין צונויף,
אזוי ווי אין א בינשטאק;
די הערען פונ'ם לאנד־געריכט,
זיי זויפען גלייך פון רינשטאק.

עס פרעהען די פאעטען זיך,
מען פרעסט אין גאנצע מאסען!
די אפיצירען און פאהנענלייט
לעקען אב די גאסען.

די אפיצירען און פאהנענלייט,
דאס זענען די קליגסטע מענשען,
זיי דענקען, אז גאט וועט מיט דעם נס
נים יעדען טאג זיי בענשען.

69.

איך האב אייך פארלאזען אין שענסטען יולי,
און געפין אייך ווידער אין יאנואר;
עס זענען געוועזען דאן די אמת'ע היצען,
איצט זענט איהר געקיהלט און קאלט זאגאר.

כ'פארלאז אייך באלד ווידער און קום איך צוריק נאך,
דאן זענט איהר ניט ווארעם, ניט קאלט,
און איבער אייערע קברים געה איך,
און ס'אייגענע הארץ איז ארעם און אלט.

70.

פון שענע ליפּען אַפּגעריסען, געטריבען
פון שענע אַרעמס, וואָס כ'האָב פעסט ארומגענומען !
גערן וואָלט איך דאָרט אויף נאָך אַ טאָג געבליבען,
נו, איז דער וואָגער מיט די פערד געקומען.

דאָס איז דאָס לעבען קינד, ס'איז אָהן דערבארמען !
אַנ'אייביג שיידען זיך, אַנ'אייביג שפּאַלטען !
האָט ניט געקענט דיין הארץ מיין הארץ אומאַרמען ?
ווי האָט דיין אויג אליין מיך ניט געקענט פארהאַלטען?

71.

מיר זענען בלויזביידע געפאָהרען
אין אַ טונקעלער בויד דורך דער נאַכט ;
גערוהט האָט איין הארץ ביי דעם צווייטען,
מיר האָבען געשטיפט און געלאַכט.

דאָך האָט אונז דערנאָך אין פריהמאָרגען
געוואונדערט אָהן אַ שיער,
וואָס צווישען אונז זיצט אַמאָר,
דער בלינדער פּאַסאַזשיר.

72.

וואו קען זי דאָ וואוינען ערגיץ,
ווילדע מויד, — דאָס ווייסט איין גאָט :
שעלטענדיג אין רעגען־וועטער
לויף איך דורך די גאַנצע שטאָט.

פון איין גאַסטהויז צו אַ צווייטען
לויף איך אַן זיך אָהן אַן ענד,
און צו יעדען גראָבען קעלנער
האָב איך מיך אומזיסט געווענדט.

פלוצלונג: כ'זעה זי ביי א פענסטער,
ווינקט און לאכט גאר הויך און העל;
— ווייס איך, מיידעל, אז דו וואוינסט דיר
אין אזא מין פראכט־האטעל!

73.

ווי טונקעלע חלומות
די הייזער שטעהן אין רייה:
גוט איינגעהילט אין מאנטעל
געה איך מיר שטיל פארביי.

דער טורעם פון דער קירכע,
שלאגט צוועלף, די לופט איז לינד:
און ס'ווארט אויף מיר מיין ליעבסטע
מיט לאסקעס און קושען אצינד.

עס האט מיך די לבנה
דעם גאנצען וועג באלייט,
איצט בין איך ביי איהר הויז שוין,
רוף איך ארויף מיט פרייד:

איך דאנק דיר אלטער באקאנטער,
וואס האסט מיין וועג באהעלט:
איצט קענסטו מיך פארלאזען,
איצט לייכט דער איבריגער וועלט.

און זעהסטו וואו א פארליעבטען
וואס קלאגט אין איינזאמקייט,
דאן טרייסט איהם, ווי דו פלעגסט טאן,
מיט מיר אין דער אלטער צייט.

74.

און ווערסטו מיין געזעצליך ווייב,
ווי וואויל וועט זיין דיין לעבען,
וועסט לעבען בלויז אין צייטפּארטרייב,
איך וועל דיר אַלצדינג געבען.

און ווען דו שילטסט און ברענסט די טריט,
כ'וועל אַלץ געדולדיג ליידען;
נאָר ווען דו לויבסט ניט מיינ'ס אַ ליעד,
דאַן מוזען מיר זיך שיידען.

75.

צו דיין שנעע־ווייסען שולטער
לייג איך מיין קאָפּ איצט צו,
און שטיל הער איך זיך אונטער
וואָס טראַכסט אין הארצען דו.

עס בלאָזען די בלאָהע הוזארען
און רייטען אין טויער אריין,
און מאָרגען וויל מיך פארלאָזען
די הארצענס־געליעבטע מיין.

און ווילסטו מיך מאָרגען פארלאָזען,
דאַן ביזטו דאָך היינט נאָך מיין,
און אין דיינע שענע אָרעמס
וויל איך טאָפּעלט גליקליך זיין.

76.

עס פּייפען די בלאָהע הוזארען
און רייטען פון טויער ארויס;
איצט קום איך, געליעבטע און ברענג דיר
אַ שענעם רויזען־שטרויס.

איז דאָס דאָן געווען א טומעל!
א שרעקליך ווילד געדרענג!
אפילו ביי דיר אין הארצען
איז דאן געוועזען ענג.

77.

איך בין אויך שוין אויסגעשטאַנען,
יעדע פיין, וואָס איז פארהאנען,
פון דער ליעבעס־גלות.
אבער ס'איז דאָס האָלץ צו טייער,
און פארלעשען וויל זיך ס'פייער,
ביי מיין וואָרט! אַט דאָס איז גוט.

דאָס, מיין שענע, האָב אין זינען,
לאָז די טרעהרען מעהר ניט רינען,
וואַרף אוועק די ליעבעס־פיין.
איז דאָס לעבען דיר געבליבען,
דאָן פארגעס דאָס אלטע ליעבען,
ביי מיין וואָרט! און זאָג ביזט מיין.

78.

האָסטו ווירקליך אזוי פיינט מיך,
ביזטו ווירקליך גאָר פארוואנדעלט?
כ'וועל מיך פאר דער וועלט באקלאָגען,
ווי דו האָסט מיך שלעכט באהאנדעלט.

אה, איהר אונדאנקבארע ליפען,
ווי איהר האָט אייך אומגעביטען,
כ'האָב דאָך אייך אמאָל געקושט חיים,
און פאר אייך אזוי געליטען!

79.

אִיצטער זעה איך די אויגען ווידער,
וואָס פלעגען ליעבליך מיך באגריסען,
און איך זעה די ליפּען ווידער,
וואָס פלעגען ס׳לעבען מיר פארזיסען.

און איך הער דאָס קול איצט ווידער,
וואָס איך פלעג גאָר גערן הערען,
אין דער היים בין איך איצט ווידער,
כ׳האָב געמוזט פארענדערט ווערען!

אין די ווייסע שענע אָרעמס,
פעסט מיט ליעבע איינגעשלאָסען,
ליעג איך ביי איהר הארץ אצינדערט,
טראכט מיט וועהטאָג און פארדראָסען.

80.

זעלטען האָט איהר מיך פארשטאנען,
אזוי זעלטען ווי איך אייך;
האבען מיר זיך אין קויט געפונען,
האבען מיר זיך פארשטאנען גלייך.

81.

די טומטום׳ס האָבען באקלאָגט זיך,
ווען ס׳מויל געעפענט כ׳האָב;
באקלאָגט זיך און גע׳טענה׳ט,
אז איך זינג שרעקליך גראָב.

און ליעבליך האָבען זיי אלע
מיט די שטימעלעך קליין,
געגומען זיסלעך זינגען,
אז ס׳האָט געקלונגען פיין.

געזונגען פון ליעבעס־בענקשאפט,
פון ליעבע און ליעבעס־פארדרוס ;
עס האבען די דאמען צוקלאגט זיך,
ביי דעם מין קונסט־גענוס.

82.

אויף די סאלאמאנקא־פארטען
קען די זיסע לופט פארפיהרען,
געה איך אינ'ם זומער־אבענד
מיט מיין דאנא דארט שפאצירען.

און ארום דער שלאנקער שענהייט
האב איך שטיל מיין האנד פארבויגען,
און געפיהלט זיט מיט א פינגער,
ווי איהר ברוסט האט זיך באוואויגען.

דאך א רוישען פול מיט שרעקען
ציהט זיך דורך די לינדענבוימער,
און דער טונקלער מיהל־טייך אונטען
מורמעלט ווי א בייזער טרוימער.

אך, סעניארא, עפעס זאגט מיר,
אז מען וועט מיך רעלעגירען,
און אויף סאלאמאנקא'ס פארטען
וועלען מיר מעהר ניט געהן שפאצירען.

83.

נעבען מיר וואוינט דאן הענריקעס,
וואס מען רופט איהם אויף דעם שענעם ;
צווישען אונז איז בלויז א ווענטיל,
וואוינען מיר כמעט אינאיינעם.

סאַלאַמאַנקאַ'ס דאַמען גליחען,
ווען ער געהט דורך די אַלעען,
מיט די קלינגענדיגע שפּאָרען
און מיט חינד אודאי צעהן.

דאָך ווען ס'קומט דער שטילער אבענד,
זיצט ער ווי ביי זיך אין תפיסה,
אין זיין האנד איז די גיטאַרע
און אין האַרץ חלומות זיסע.

ציטריג קלאַפּט ער אַן די סטרונעס
און הייבט אַן צו פאַנטאַזירען —
אַך, מיך פּלאָגט ווי קאַצען-מיאַוקען
ס'שנאַרכען זיינ'ס און ס'קווינקווילירען.

84.

איך האָב אין דיין קול און די אויגען דערקענט גלייך,
אַז דו ביזט מיין, כאָטש דו רעדסט ניט קיין וואָרט;
און וואָלט נאָר דיין מאַמע דערביי ניט געשטאַנען,
מיר וואָלטען זיך, גלויב איך, געקושט אויפ'ן אָרט.

און מאָרגען פאַרלאָז איך שוין ווידער דאָס שטעדטיל,
און ס'לעבען נעמט זיין אַלטען לויף;
דאָן לויערט ביים פענסטער מיין מיידעל די בלאָנדע,
און פריינדליכע גרוסען וואַרף איך אַרויף.

85.

איבער די בערג שטייגט אויף שוין די זון,
די טשערעדע שאָף קומט פון וויימען צו געהן;
מיין ליעבסטע, מיין שעפּעלע, זון מיינע, פרייד,
גערן וואָלט איך דיך נאָך איינמאָל געזעהן!

איך קוק מיר די אויגען ארוים אין דער הויך,—
מיין קינד, זיי געזונד, כ'מוז מיך שיידען פון דיר!
אומזיסט אלץ! די פארהאנגען ריהרען זיך ניט;
זי ליעגט נאך און שלאפט — און חלום'ט פון מיר?

86.

אין האללע אויפ'ן מארק
שטעהען צוויי גרויסע לייבען.
אי, דו האלישע לייבען־קראפט,
אי, האט מען איינגעצוימט דיך!

אין האללע אויפ'ן מארק
דארט שטעהט א ריעז א גרויסער.
ער האט א שווערט און ריהרט זיך ניט,
ער איז פאר שרעק פארשטיינערט.

אין האללע אויפ'ן מארק,
דארט שטעהט א קירך א גרויסע.
די יונגען פון דארט און די מענער פון דארט,
זיי האבען דארט פלאץ צום בעטען.

87.

זומער, און די זון געהט אונטער
איבער וואלד און גרינע לאנקעס.
די לבנה אין בלאהען הימעל
שטראהלט אראב און שמייכעלט דופטיג.

ביי דעם טייכעל טשירפען גרילען
און ס'באוועגט זיך אינ'ם וואסער.
און דער וואנדרער הערט א פלעשקען
און אנ'עטהעמען א שטילען.

אינ'ם טייכעל באָדט אליין זיך,
דאָרט אצינד די עלף, די שענע;
האלז און נאקען, ווייס און ליעבליך,
פינקלען אין לבנה־שיין.

88.

נאכט ליגט אויף די פרעמדע וועגען
קראנק דאָס הארץ און מיעד די גליעדער;
אך, דאָ פאלט ווי שטילע ברכות
דאָס לבנה־ליכט אנידער.

דער לבנה'ס שטראהלען טרייסטען,
ס'טרייסטען אויף מיך איהרע שטערען;
עס צורינען מיינע שמערצען,
פון די אויגען פליסען טרעהרען.

89.

דער טויט, דאָס איז די קיהלע נאכט,
דאָס לעבען איז דער הייסער טאָג,
ס'ווערט טונקעל שוין, מיך שלעפערט,
עס האָט דער טאָג מיך מיעד געמאכט.

איבער מיין בעט הויבט אויף זיך א בוים,
דאָרט זינגט א יונגע נאכטיגאל,
זי זינגט פון לויטער ליעבע,
איך הער עס אפילו אין טרוים.

90.

„זאָג, וואו איז דיין שעהן־געליעבטע,
וואָס דו האסט אמאָל באזונגען,
ווען די כשוף'דיגע פלאַמען
האבען דורך דיין הארץ געדרונגען?"

אויסגעלאָשען יענע פלאַמען,
קאַלט מיין הארץ, פול שאַטענס טריעבע.
און דאַס ביכעל איז דער ארון
מיט דעם אש פון יענער ליעבע.

---

## געטער-דעמערונג.

דער מאי איז דאַ מיט זיינע העלע זונען
און ווינטלעך זיידענע, געווירצטע דופטען,
און פריינדליך לאַקט ער מיט די ווייסע בליטען,
און גריסט פון טויזענד בלאָהע פיאַלקען-אויגען,
און פארשפרייט אַ בלומען-רייכען, גרינעם טעפּיך,
געוועבט פון זונשיין און פון מאַרגענטוי,
און רופט ארויס די ליעבע מענשען-קינדער.
דער פוסטער עולם פאָלגט דעם ערשטען רוף;
די מענער טו'ן די העלע הויזען אָן
און זונטאגס-רעק מיט שפּיגעל-קנעפּ פון גאָלד.
די פרויען קליידען זיך אין אונשולד-וויים;
בחורים דרעהען זיך די פריהלינגס-וואָנסען;
און ס'פּאַליען זיך די מיידלעך'ם ברוסטען;
דער שטאָט-פּאָעט פארשטעקט אין קעשענע
פּאַפּיר, אַ בליישטיפט, אַ לאָרנעט — און מיט שמחה
געהט דאָס פאָלק ארויס הינטער דער שטאָט.
מען לעגט זיך דאָרטען אויף די גרינע גראָזען,
באוואונדערט ווי די ביימער וואקסען פליסיג,
מען שפּיעלט זיך מיט די שענע צאַרטע בלימלעך,
מען הערט דאָס זינגען פון די פייגעל,
און מען יויכצט ארויף צום הימעל'ם בלאָה געצעלט.

צו מיר איז אויך דער מאַי געקומען און דריי מאָל
אנגעקלאַפּט און געזאָגט: „איך בין דער מאַי,
דו בלייכער טרוימער, קום, איך וויל דיך קושען!"
איך האַלט פאַריגעלט פעסט מיין טיר און זאָג:
בחנם לאָקסטו מיך, דו שלעכטער גאַסט.
איך האָב דיך דורכגעקוקט און דורכגעקוקט
ווי ס'געהט די וועלט, און האָב צופיעל געזעהן,
און גאָר צו טיעף; אוועק איז יעדע פרייד.
און אייביגע צרות וואוינען אין מיין האַרץ.
כ'האָב דורכגעקוקט די האַרטע שטיינער־קאַרעס
פון מענשען־הייזער און פון מענשען־הערצער,
און געזעהן אין ביידע — ליגען, פאַלשקייט, עלענד.
איטליך פּנים האָט מיר אויסגעזאָגט געדאַנקען
פיעל שלעכטע, אין דעם מיידעל'ס שעמעוודיקייט
זעה איך לוסט באַהאַלטענע באַגעהרליך ציטערען;
אויף דעם באַגייסטערט־שטאָלצען בחור'ס קאָפּ
זעה איך דעם ליץ'ס פּיעלפאַרביג מיצעל;
בלויז קרומע פּנים'ער און בלייכע שאָטענס
זעה איך אויף דער ערד דאַ, און איך וויים ניט,
צי איז זי אַ שפּיטאָל, צ'אַ הויז פון משוגעים.
איך קוק דעם גרונד דורך, פון דער ערד דער אַלטער,
און זעה ווי קריסטאַל, און זעה די שרעקען,
וואָס דער מאַי באַמיהט אומזיסט זיך — צו פאַרדעקען
מיט זיין העלער גרינקייט. כ'זעה די טויטע,
זיי ליגען אונטען אין די שמאָלע אַרונ'ס,
די הענד צונויפגעלעגט, די אויגען אָפען,
שנעע־וויים די קליידער און דאָס פּנים וויים,
און אויף די ליפּען קריכען געלע ווערים.
איך זעה דעם זוהן, וואָס זעצט זיך מיט זיין שיקסע
פרעהליך צו פאַרברענגען אויפ'ן טאַטענ'ס קבר;
שפּאָט־ליעדער זינגען הויך די נאַכטיגאַלען,
די בלומען אויף די לאָנקעס לאַכען ווי להכעיס,

און דער טויטער פֿאָטער ריהרט זיך אין זײַן קבר —
און שמערצליך צוקט די אַלטע מאַמע ערד.

אָרעמע ערד, איך קען דאָך דײַנע שמערצען,
איך זעה די גלוט בײַ דיר אין ברוסט זיך כוואַליען,
און כ'זעה דאָס בלוט וואָס רינט פֿון דײַנע אָדערען,
און זעה ווי ס'רײַסט דײַן וואונד זיך אויף מיט שוידער,
און ווילד שטראָמט אויס דאָס פֿײַער, רויך און בלוט.
כ'זעה דײַנע ריעזען־זיהן, פֿאַר'עקשנ'טע,
די ברוטיגקייט, פֿון שוואַרצע לעבער שטײַגען
און דרעהען אין די הענד מיט רויטע פֿאַקלען;
זיי שטעלען זייערע אײַזען־לייטערס אויף
און שטורמען ווילד אַרויף צום הימעל'ס פֿעסטונג; —
און ס'קריכען שוואַרצע קאַרליקעס זיי נאָך, און נעמען
אויבען און צוברעקלען אַלע גאָלדענע שטערען.
מען רײַסט מיט פֿרעכקייט אָב דעם גינגאָלד־פֿאָרהאַנג
פֿון גאָט'ס געצעלט; די מלאכים פֿרומע
פֿאַלען אויף די פּנים'ער און קלאָגען אַלע.
אויף זײַן טראָן דאָרט זיצט דער בלייכער גאָט,
רײַסט זיך פֿון קאָפּ די קרוין, צעוואָרפֿט די האָר —
און נעהנטער דרינגט אַלץ צו די ווילדע חברה.
די ריעזען וואַרפֿען זייערע רויטע פֿאַקלען
צום ווייטען הימעל הויך; די קאַרליקלעך
מיט פֿײַער־בײַטשען שלאָגען די מלאכים, —
וואָס דרעהען זיך און קרומען זיך פֿאַר וועהטאָג,
און ווערען פֿאַר די האָר אַרויסגעשליידערט. —
אויך מײַן אייגענעם מלאך זעה איך דאָרט,
מיט דעם זיסען פּנים און די בלאָנדע לאָקען,
און מיט זײַן ליעבע שטענדיג אַרום מויל,
און מיט דער גליקליכקייט אין בלאָהען אויג —
און אַ שרעקליך העסליך שוואַרצער טײַוועל
רײַסט איהם פֿון דער ערד, מײַן בלייכען מלאך.

און שנאָרכעט, קוקענדיג אויף זיינע צאַרטע גליעדער,
כאַפּט אַרום איהם פּעסט מיט צערטליכער אומאַרמונג —
און שרעקליך לויפט אַ ווילד געשריי די וועלט דורך,
עס ברעכט זיך אַלצדינג, ערד און הימעל ברעכען
זיך צוזאַמען און עס הערשט די אַלטע נאַכט.

## ראַטקליף.

דער גאָט פון חלום האָט געבראַכט מיך צו אַן אָרט,
וואו טרויער ווערבעס האָבען זיך געגריסט צו מיר
מיט זיי'רע לאַנגע גרינע אָרעמס; וואו די בלומען
האָבען שטיל מיך אָנגעקוקט מיט שוועסטער־אויגען,
וואו ס'פייגעל־צווישטשען האָט געקלונגען הײמיש,
און ס'בילען פון די הינד באַקאַנט געוועזען;
וואו פנים'ער און שטימען האָבען מיך באַגריסט
ווי אַן'אַלטען פריינד, און וואו ס'איז דאָך מיר אַלצדינג
פרעמד געוועזען, גאָר מאָדנע זעלטען פרעמד.
פאַר אַ שען־באַצירטען דאָרפס־הויז שטעה איך;
אין האַרצען קלאַפּט מיר עפּעס, און אין קאָפּ
איז רוהיג, — רוהיג האָב איך אָבגעקלאַפּט
דעם שטויב פון מיינע רייזע־קליידער,
ס'קלינגט דאָס גלעקיל שאַרף און ס'עפענט זיך די טיר.

דאָ זעה איך מענער, פרויען, פנים'ער
בעקאַנטע. שטילער אומעט ליגט אויף יעדען
און אַ פאַרדעקטער שרעק. מאָדנע טרויריג,
מיט רחמנות האָבען זיי מיך אָנגעקוקט,
אַז ס'האָט מיר די נשמה אויפגעשוידערט.
גלייך זי וואָלט דערפיהלט אַן'אומגליק אומבאַקאַנט.
די אַלטע מאַרגרעט האָב איך גלייך דערקענט;
איך האָב זי אָנגעקוקט, זי רעדט קיין וואָרט ניט.

„וואו איז מאריא?“, פרעג איך, און זי רעדט ניט,
נעמט שטיל מיך פאר דער האנד און פיהרט מיך
דורך א רייהע לאנגע ליכטיגע סאלאנען,
וואו גלאנץ און פראכט און טויטען־שטילקייט הערשען,
און פיהרט צום סוף מיך אין א טונקעל צימער,
און וויזט מיר, מיט'ן פנים אבגעקעהרט,
ווי אויף דער סאפע זיצט דארט א געשטאלט.
„זענט איהר מאריא?“, פרעג איך. און אליין
ערשטוינט געווארען פאר דער זיכערקייט
פון מיינע רייד. און שטייניג האט דערהערט זיך
א הוילע שטים: „מען רופט מיך דא אזוי.“
א וועהטאג האט מיך דורכגעשניטען שארף,
וויל יענער הוילער טאן איז דאך אמאל
געווען מאריא'ס זיסע שטימע!
די פרוי אין דעם פארבלייכטען לילא־קלייד,
אהן טעם ארויפגעווארפען, ברוסטען הענגענדיג,
די אויגען שטאר ווי גלאז, דאס פנים בלייך,
די באקען שלאף, ווי ווייכע לעדער —
אך, די פרוי איז דאך געווען אמאל
די בליהענדיגע, ליעבליכע מאריא!
„ווי לאנג איהר זענט ארומגעפאהרען!“ זאגט זי הויך,
אז ס'האט איהר היימישקייט מיך אויפגעשווידערט;
„איהר זעהט ניט אוים פארשמאכט מעהר, ליבסטער פריינד,
איהר זענט געזונט, און זענט נישט־קשה'דיג
געווארען דיק.“ און ס'האט א זיסער שמייכעל
געציטערט ארום געלען בלאסען מויל.
און ווי צומישט גיב איך א זאג ארויס:
„מען זאגט איהר האט שוין חתונה געהאט?“
„נו, יא!“, רופט זי גלייכגילטיג זיך אן און לאכט,
„איך האב א שטאק פון האלץ, וואס איז פארצויגען
מיט לעדער, און מען רופט איהם מאן; נאר האלץ
איז האלץ!“ און האט צולאכט זיך נאריש, טעמפ,

אז קאַלטער שרעק האָט דורכגעקרייצט מיין זעעל
און מיך פאַרצווייפעלט: — זענען דאָס די ריינע,
די צניעות'דיגע ליפּען פון מאַריאַ?
זי אָבער האָט זיך אויפגעהויבען שנעל,
געכאַפּט אַ שאַל, אויף זיך אַרויפגעוואָרפען,
און זיך אָנגעהאַנגען ביי מיין אָרעם —
אַרויסגעשלעפּט מיך דורך דער אָפּ'נער טהיר,
און מיך געשלעפּט דורך לאַנקע, קוסט און פעלד.

די רויטע גליהענדיגע זון האָט שוין
גענידערט, און איהר פורפור האָט פאַרשטראַהלט
די ביימער און די בלומען און דעם שטראָם,
וואָס איז געפלאָסען מאַיעסטעטיש אין דער ווייט.
„איהר זעהט דאָס גרויסע אויג פון גאָלד, דאָרט שווימען
אין בלאָהען וואַסער?" — שרייט זי האַסטיג אויס.
„שטיל, דו אָרעם קינד!", זאָג איך און זעה ווי
אין דער טונקעלקייט נעמט זיך אַ כשוף וועבען.
נעבעל־בילדער קומען פון די פעלדער,
פאַרשלינגען זיך מיט ווייסע ווייכע אָרעמס.
די פיאָלקען האָבען אָנגעקוקט זיך צערטליך,
די ליליען בענקשאַפטליך פאַרבויגט די בעכערס;
עס האָט אַ לוסט געגליהט אויף אַלע רויזען;
די נעלקען זענען גרייט געווען זיך אָנצוצינדען;
און דופט פון גליק האָט יעדע בלום געאָטהעמט,
און אַלץ האָט שטיל געוויינט מיט נחת־טרעהרען
און געיויכצט צום הימעל: „ליעבע! ליעבע! ליעבע!".
די שמעטערלינגען פלאַטערען און ס'זשומען
וואונדערליך די פליגעלעך פון גאָלד,
די אָבענד־ווינטלעך פליסטערען, עס רוישען
די דעמבעס, עס צוגיסט זיך זים די נאַכטיגאַל —
און צווישען גאָר דעם פליסטערען, רוישען, זינגען,
פלאַפּעלט מיט אַ קאַלטער שטימע, טעמפּ ווי בלעך,

די פארוויאנעטע, וואס הענגט בײם ארעם מיר.
„איך ווײס וואס קומט פאר יעדע נאכט אין שלאס,
דער לאנגער שאטען איז א גוטער גולם,
ער ווינקט צו יעדען אײנעם, וואס מען וויל;
דער אין בלאהען איז א מלאך; נאר דעם רויטען
מיט דער שווערד, דעם האסט מען ווי א שפין“.
און נאך פיעל פארביגערע, וואונדערליכע ווערטער
פלאפעלט זי אהן אויפהער, און זי זעצט זיך
א מיעדע שוין מיט מיר אנידער אויף דער גראז־באנק,
וואס שטעהט הינטער׳ן דיקען אלטען דעמב.

דארט זענען מיר געזעסען שטיל און טרויריג
און אנגעקוקט זיך, און אלץ טרויריגער געווארען,
געשומעט האט דער דעמב, ווי גסיסה־זיפצען,
און שמערצליך האט געקלאגט איהר ליעד די נאכטיגאל.
דאך האט די זון זיך דורכגעריסען דורך די בלעטער,
האט ארומגעלויכטען מאריא׳ס ווײסע פנים,
אין גלוט געלאקט פון איהרע שטארע אויגען,
און מיט דער אלטער, זיסער שטימע זאגט זי:
„ווי אזוי האסטו געוואוסט פון מײנע לײדען? איך האב עס
קירצליך ערשט געלעזען אין דײנע ווילדע ליעדער.“

א פראסט איז דורך מײן הארץ. מיך־האט געשווינדערט
פאר מײן אײגען משוגעת, וואס האט די צוקונפט
געזעהן; א פינסטערניש איז דורך מײן מח,
און פאר אנגסט האב איך מיך אויפגעכאפט.

## דאָנא קלארא.

אין דעם אבענטליכען גארטען
וואנדעלט דעם אלקאדע'ס טאָכטער;
פויקען און טרומפייטען־שאלען
קלינגען פון דעם שלאָס ארונטער.

„ס'האָט דערעסען מיר דאָס טאנצען,
מיט די זיסע קאָמפלימענטען
און די ריטער, וואָס פארגלייכען
אזוי העפליך צו דער זון מיך.

ס'ווערט דערעסען מיר דאָ אלצדינג,
זייט דערזעהן כ'האָב יענעם ריטער
ביי דעם שיין פון דער לבנה
און דערהערט דאָס זיסע קול זיינ'ס.

שלאנק און שטאָלץ איז ער געשטאנען,
מיט די ליכטיג־שווארצע אויגען,
אין דעם שטראָהלענד־בלאסען פנים,
אין גאנצען גלייך צו סאנקט געאָרג."

טראכט אזוי זיך דאָנא קלארא,
און זי לאָזט אראָב די אויגען;
הייבט זיי אויף, און ס'שטעהט דער שענער,
אונבאקאנטער ריטער פאר איהר.

האנד אין האנד, מיט ליעבע־ווערטער,
וואנדלען זיי, און די לבנה
שיינט און ס'שמייכעלט זיי דער זעפיר,
ווי פאר'כשופ'ט גריסען רויזען.

ווי פאר'כשופ'ט גריסען רויזען
און זיי גליהען ווי פון ליעבע. —
— אבער זאג מיר מיין געליעבטע,
פארוואס ווערסטו רויט גאר פלוצלונג?

„פון קאמארעס, מיין געליעבטער.
כ'בין צוביסען. קוממ דער זומער,
האס איך די קאמארעס, ווי די
אידען מיט די לאנגע נעזער."

„לאז די אידען און קאמארעס,"
זאגט דער ריטער, ליעב און צערטליך.
פון די מאנדעל־בוימער פאלען
טויזענד ווייסע זיסע בליטהען.

טויזענד ווייסע זיסע בליטהען
האבען זייער דופט צוגאסען.
— אבער זאג מיר, מיין געליעבטע,
איז דיין הארץ אינגאנצען מיינס גאר?

„יא, איך ליעב דיך, מיין געליעבטער,
כ'שווער עס דיר ביי יעזוס קריסטוס,
וועלכען ס'האבען נידערטרעכטיג
לאנג צוריק געטויט די אידען."

„לאז דעם יעזוס מיט די אידען,"
זאגט דער ריטער, ליעב און צערטליך.
אין דער ווייטען, ווי פאר'חלומ'ט
וואנדלען ליכטיג־ווייסע ליליען.

ליכטיג־ווייסע ליליען קוקען
ווי פאַר׳חלומ׳ט צו די שטערען.
— אבער זאג מיר, מיין געליעבטע,
האסטו מיר ניט פאלש געשוואוירען?

„ס׳איז נישטא אין מיר קיין פאלשקייט,
פונקט ווי ס׳איז אין מיר קיין טראפען
בלוט נישטא פון בלוט פון מאַחרען,
און פון שמוציג בלוט פון אידען.“

„לאז די מאַהרען און די אידען“
זאגט דער ריטער, ליעב און צערטליך.
צו אַ גאַרטען־הויז פון מירטען
פיהרט ער דעם אלקאדע׳ס טאָכטער.

אין די ווייכע ליעבעס־נעצען
האט ער צערטליך זי פארפלאָכטען!
קורצע ווערטער, לאנגע קושען,
און די הערצער גהען איבער.

ווי אַ כלה־ליעד אַ הארציגס
זינגט די נאכטיגאל, די ליעבע;
ווי צום טאַנץ פון פאקלען שפּרינגען
פייער־פליעגען אין דער לופטען.

אין דעם גאַרטען־הויז ווערט שטילער,
און מען הערט נאָר ווי פאר׳גנב׳עט,
מורמלען שטיל די קלוגע מירטען
און עס אָטעמען די בלומען.

אבער פויקען און טראמפייטען
הערען פלוצלונג פונ'ם שלאס זיך,
און ווי אויפגעכאפט פון שלאף זיך
האט פון ריטער'ס ארעמ'ס קלארא.

„הער, דאס רופט מען מיך, געליעבטער,
אבער איידער מיר צוגעה'ן זיך,
זאג מיר גיך דיין ליעבען נאמען,
וואס דו האסט ביז איצט באהאלטען."

און דער ריטער שמייכעלט הייטער,
קושט די פינגער פון זיין דאנא,
קושט די ליפען און דעם שטערען,
און ער זאגט צום סוף די ווערטער:

איך, סעניארא, אייער ליעבסטער,
בין דער זוהן פון דעם באריהמטען,
גרויסען תלמיד חכם, רבי
ישראל פון סאראגאססא.

## אלמאנזאר.

### 1.

אין קארדאווער דאס דעם גרויסען
שטעהען זיילען, דרייצען הונדערט,
דרייצעהן הונדערט ריעזען־זיילען
טראגען דארט אויף זיך דעם קופאל.

אויפ'ן קופאל, וועגט און זיילען
ציה'ן פון אויבען זיך ביז אונטען
פסוקים קאראן אויף אראביש,
קלוג און וואונדערשען פארפלאכטען.

מאַהרען־קעניגען אמאָל נאָך
האָבען דאָס געבויט פאַר אַללאַה,
דאָך אַ סך האָט זיך געענדערט
אין ווירוואַר פון לאַנגע צייטען.

אויפ'ן טורעם, וואו דער וועכטער
פלעגט צורופען צו די תפילות,
ברומען איצטער מעלאַנכאָליש
קריסטליך־פרומע קירכען־גלאָקען.

אויף די שטיגען, וואו די גלויביגע
פלעגען זינגען די נביאות,
ווייזט אַצינד אַ ליסער גלח
זיינע פלאַכע פוסטע נסים.

און מען דרעהט דאָס און מען טומעלט
פאַר די אויסגעפּוצטע ליאַלקעס,
און מען בלעקעצט און מען זוואָניעט
און די וואַקס־ליכט פינקלען נאַריש.

אין קאָרדאָוועך דאָס דעם גרויסען
שטעהט אַלמאַנזאָר בן אבדוללאַה,
און באַטראַכט דאָרט אַלע זיילען,
מורמלענדיג די שטילע ווערטער:

„אָ, איהר זיילען, שטאַרק און ריעזיג,
אַללאַה'ס שטאָלץ זענט איהר געוועזען,
איצטער מוזט איהר אונטערטעניג
דיענען צו דעם קריסטענטום גאָר!

איהר גלייכט אוים זיך מיט די צייטען
און איהר טראגט דעם יאך געדולדיג;
הייסט עס, דער וואס איז נאך שוואכער
מוז די זאך פיעל לייכטער נעמען."

און זיין קאפ, נאך מיט א שמייכעל,
בייגט אלמאנזאר בן אבדוללאה
איבער דעם באצירטען שמד־שטיין,
אין דעם דאם דארט אין קארדאווא.

2.

האסטיג נעהט ארוים אלמאנזאר,
כאפט זיין ווילדען פערד, נעמט רייטען,
אז פון הוט די שווארצע פעדערען
און די פייכטע לאקען פליהען.

אויפ'ן וועג קיין אלקאלעא,
ביים גואדאלקוויוויר'ס ברעגען,
וואו די ווייסע מאנדלען בליהען,
און עס דופטען פאמעראנצען:

דארטען לויפט דער ריטער לוסטיג,
פייפט און זינגט און לאכט ווי ס'ווילט זיך,
און עס זינגען מיט די פייגעל
און פון שטראם רוישט מיט דאס וואסער.

אין דעם שלאס אין אלקאלעא
וואוינט דארט קלארא דע אלווארעס,
אין נאווארא קעמפט איהר פאטער,
און זי פרעהט זיך אהן א שיער.

ס'הערט אלמאנזאר שוין פון ווייטען
פויקען און טראָמפּייטען קולות,
און ער זעהט די ליכט פון שלאָס שוין
בליצען דורך די בוימער־שאָטענס.

אין דעם שלאָס אין אלקאַלעאַ
טאַנצען צוועלף געפּוצטע דאַמען,
טאַנצען צוועלף געציערטע ריטער,
דאָך צום שענסטען טאַנצט אלמאַנזאָר.

ווי באפליגעלט פון זיין שטימונג
פלאַטערט ער ארום אין זאַל דאַרט,
און ער ווייסט ווי אַלע דאמען
שמייכלערייען איינצורוימען.

איזאַבעלאַ'ס הענד די שענע,
קושט ער שנעל און שפּרינגט אוועק גלייך,
און ער זעצט זיך ביי עלווירא'ן,
און ער קוקט איהר גלייך אין פּנים.

לוסטיג פרעגט ער לעאָנאָרען,
אויב ער איז איהר היינט געפעלען?
און ער ווייזט פון גאָלד די צלמים
אויסגעשטיקט ביי איהם אין מאַנטעל.

ער פארזיכערט יעדע דאַמע,
אז ער טראָגט זיי אויך אין הארצען;
און „ווי כ'בין אַ קריסט!" געשוואוירען
האָט ער דרייסיג מאָל דעם אָבענד.

3.

אין דעם שלאָס אין אַלקאַלעא
איז שוין אַלצדינג שטיל געוואָרען,
הער און דאַמע שוין פאַרשוואונדען
און די ליכט שוין אויסגעלאָשען.

דאָנאַ קלאַראַ און אַלמאַנזאָר
זענען איצט אַליין געבליבען;
און דער לעצטער לאָמפּ וואַרפט איינזאַם
איבערביידע זיינע שטראַהלען.

אויף אַ בענקעל זיצט די דאַמע,
אויף אַ בענקעלע דער ריטער,
און זיין קאָפּ דער שלעפריג מידער
רוהט אויף דער געליעבטער'ס קניהען.

רויזען־בוימעל גיסט די דאַמע
פון אַ קליינטשיק גאָלדען פלעשעל
אויף אַלמאַנזאָר'ס ברוינע לאָקען —
און ער זיפצט פון טיעפסטען האַרצען.

זיס און זאַנפטיג, טראַכטענדיג וואָס,
דרוקט אָב שטיל אַ קוש די דאַמע
אויף אַלמאַנזאָר'ס ברוינע לאָקען,
און ס'פאַרוואָלקענט זיך זיין שטערען.

פון דער דאַמעס העלע אויגען,
טראַכטענדיג וואָס, פליסען טרעהרען,
אויף אַלמאַנזאָר'ס ברוינע לאָקען —
און עס צוקען זיינע ליפּען.

ס'חלומט איהם: ער שטעהט איצט ווידער,
טיעף דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען,
אין דעם דאָם דאָרט אין קאָרדאָווא,
און ער הערט פאַרדומפּטע קולות.

אַלע הויכע ריעזען־זיילען
הערט ער מורמלען ווי מיט צאָרען,
לענגער וועלען מיר דאָס ניט טראָגען,
און זיי בייגען זיך און ציטערען.

און זיי ברעכען זיך צוזאַמען,
טויט־בלייך ווערען פאָלק און פּריסטער,
ס'קראַכט אַראָב דער גרויסער קופּאָל,
און די קריסטען־געטער קלאָגען.

## די וואַלפאַהרט קיין קעוולאַר. *)

1.

ביי דעם פענסטער שטעהט די מוטער
און דער זוהן ליגט קראַנק אין בעט;
— ווילסט ניט זעהן דען די פּראָצעסיע?
באַלד וועט, ווילהעלם, זיין צו שפּעט.

„איך בין קראַנק, אָ מאַמע מיינע,
ניט איך זעה און ניט איך הער;
ווען כ'דערמאָן זיך, טויט איז גרעטכען,
ווערט אַזוי דאָס האַרץ מיר שווער."

— לאָמיר, קינד מיינס, געהן קיין קעוולאַר
נעם ס'געבעט־בוך מיט זיך מיט;
וועט גאָט'ס מוטער היילען ס'האַרץ דיינס,
מאַכען לייכטער דיין געמיט.

קירך־געזאנג, און קירכען פאהנען
פלאטערען אין זונען־שיין —
טריט ביי טריט ציהט די פראצעסיע
זיך פון קעלן ביי דעם רהיין.

און מיט אלע געהט די מוטער,
ביי דער האנד דעם זוהן פיהרט זי;
און זיי זינגען, זינגען, זינגען:
זיי געלויבט, געלויבט מארי!

2.

ס'האט גאט'ס מוטער היינט אין קעוולאר
ס'שענסטע קלייד איהר'ס אנגעטאן;
ס'ווארט אויף איהר אזוי פיעל ארבייט —
פיעלע קראנקע קומען אן.

קראנקע מענשען, און זיי טראגען,
אלס געשאנקען נאכאנאנד,
פיעל פון וואקס געמאכטע גליעדער,
וואו עס ברענגט א פוס, א האנד.

ווער א האנד פון וואקס איהר אפערט,
היילט זיך פון זיין האנד די וואונד;
ווער א פוס פון וואקס איהר אפערט,
ווערט זיין קראנקער פוס געזונד.

הינקענדיג איז אנגעקומען,
דער, וואס אויפ'ן שטריק דא געהט;
און געהאט האט קראנקע פינגער,
דער, וואס שפיעלט דא אויפ'ן פלייט.

און די מוטער נעמט א וואקס־ליכט,
און זי קנעט א הארץ דערפון;
— ברענג דעם אָפּער צו גאָט'ס מוטער,
וועט זי היילען דיך, מיין זוהן.

געהט ער זיפצענדיג צום בילד צו,
און גאָט'ס מוטער טיעף באגריסט;
טרעהרען פליסען פון די אויגען,
און ס'געבעט פון הארצען פליסט:

דו, אָ קעניגין פון הימעל!
יונג־פרוי! גרויס און ריין ביסטו!
דיר פערטרוי איך מיינע ליידען —
נויג צו מיין געבעט זיך צו.

איך אין איינעם מיט מיין מאַמען
וואוין אין קעלן, אין דער שטאָדט
וואָס ביים רהיין ליגט, און פיעל הונדערט
קירכען און קאפּעלען האָט.

לעבען אונז געוואוינט האָט גרעטכען,
נעמט אין הימעל גאָט זי צו —
כ'ברענג מאַרי, א הארץ פון וואקס דיר,
שענק מיין קראנקען הארצען רוה.

אָ, בארוהיג ס'קראנקע הארץ מיינס,
כ'זאָל אויך קענען שפּעט און פריה,
קניהענדיג פאר דיר אלץ זינגען:
זיי געלויבט, געלויבט מאַרי!

3.

זוהן און מוטער שלאָפעןביידע,
שוואך דערצאנקט דעם לעמפּעלם שיין;
אינ׳ם אלקערעל דעם קליינעם,
שלייכט גאָט׳ם מוטער זיך אריין.

זי בלייבט שטעהן ביים קראנקענס בעטעל,
צו זיין קראַנקען הארצען, לינד
לעגט זי שמייכעלדיג איהר האנד צו,
און א שמייכלענדע פארשווינדט.

ס׳זעהט אין חלום אלץ די מוטער,
און געזעהן האָט זי נאָך מעהר;
כאפּט זיך אויף, און פון דער ווייטענס
טראָגט א בילען זיך אהער.

און זי זעהט ווי אין זיין בעטעל
טויט איהר זוהן דער קראנקער ליגט;
שפּילענדיג אויף זיינע באקען
ס׳מאָרגען ליכט זיך וויגט און וויגט.

לעגט זי פרום די הענד צוזאמען,
מיט א קלאַפּיג הארץ נעמט זי
שטיל און הייליג זינגען, זינגען:
זיי געלויבט, געלויבט מאַרי!

---

*) ווען דאָס ליעד איז צום ערשטען מאָל געדרוקט געוואָרען, איז עס געווען בעלייט מיט פאָלגענדער באַמערקונג:

„דער שטאָף פון דעם געדיכט איז ניט אין גאַנצען מיין אייגענטום. דאָס געדיכט איז ענטשטאַנען דורך אַן עראינערונג פון מיין היים ביים רהיין, — ווען איך בין געווען אַ קליין אינגעל און האָב געקראָגען מיין ערשטע ערציהונג אין דעם דיסעלדאָרפער פראַנטשיסקאַנער קלויס־

טער, וואו איך האָב זיך אויסגעלערנט דעם אלף בית און צו זיצען שטיל, פלעגט מיר אָפטמאָל אויסקומען צו זיצען לעבען אַן אַנדער אינגעל, וואָס פלעגט מיר אָפט הערצעהלען, אַז זיין מוטער האָט איהם איינמאָל מיטגענומען קיין קעוולאר, (דער אקצענט ליגט אויף דער לעצטער זילבע, און דער אָרט אַליין ליגט אין דער געגענד פון געלדערן.) און דאָרט האָט זי פאר זיינעט וועגען מקריב געוועזן אַ וואקסענעם פוס, און דורך דעם איז זיין קראנקער פוס געהיילט געוואָרען. מיט דעם דאָזיגען אינגעל האָב איך שפּעטער ווידער צוזאמען געלערענט אין דער העכסטער קלאס פון גימנאַזיום. און ווען אונז איז אויסגעקומען צו זיצען בייזאמען אין רעקטאָר שאַלמאַיערס פילאָזאָפען־קאָלעגיום, האָט ער מיך מיט אַ געלעכטער דערמאָנט אָן יענעם מופת, און דערביי האָט ער צוגעגעבען, אַז איצטער וועט ער צו גאָטס מוטער ברענגען אַ וואקסענהארץ. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז אין יענער צייט האָט ער געליטען פון אַן אומגליקליכער ליעבע. ענדליך איז ער אין גאַנצען פארשוואונדען פון מיינע אויגען און פון מיין געדעכעניש. — אין יאָהר 1819, ווען איך האָב שטודירט אין באָן, און איך האָב איינמאָל שפּאַציערט אין דער געגענד פון גאָדעסבורג ביים רהיין, האָב איך פון ווייטענס דערהערט די גוט־באקאנטע קעוולאַר־ליעדער, פון וועלכע דאָס בעסטע איז געוועזן איינס, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דעם רעפריין: „געלויבט זאָל זיין מאַרי!“ און ווען די פּראָצעסיאָן איז געקומען נעהענטער האָב איך צווישען דעם עולם דערזעהן מיין אַמאָליגען חבר מיט זיין אַלטער מוטער. די מוטער האָט איהם געפיהרט און ער האָט אויסגעזעהן בלאס און קראַנק.

בערלין, דעם 16טען מאַי, 1822.

הייגריך היינע.

אין דער עלטסטער אויפלאגע פון דעם ערשטען באַנד פון די „רייזע בילדער“, האָט הער פּערפאסער נאָך דער אויביגער באמערקונג נאָך צוגעגעבען פאָלגענדע שורות:

איך וויל דעם נאָטיץ ניט אָפּשיידען פון דעם געדיכט, ווייל ביידע זענען זיי ענטשטאַנען צוזאמען און זענען שוין איינמאָל צוזאַמען געדרוקט געוועזן. איך וויל דאָ בשום אופן ניט אָנווייזען אויף עפּיס

אַ פאָרנייגונג, פונקט אַזוי ווייניג ווי דאָס ליעד פאר דעם וויל גאָר ניט איסדרוקען קיין שום אָפנייגונג. אָט דאָס ליעד „אַלמאַנזאָר" ווערט אינ'ם ראָמאַן (פון וואנען עס איז אַנטליהען) געדיכטעט און געזונגען פון אַ מאָהר, וואָס איז אַ שטרענגער אָנהענגער פון מאָסלאַם. „און ווירק־ ליך—" אַזוי זאָגט אַן ענגלישער שריפטשטעלער — פונקט אַזוי ווי גאָט דער אורבאַשאַפער שטעהט אויך דער דיכטער, דער נאָכבאשאפער אונפאַר־ טייאיש ערהאַבען איבער אַלע סעקטען פון דער וועלט."

## פראלאג.

שווארצע רעק און זיידנע זאקען,
אויף מאנשעטען מוז מען טראגען;
גלאטע רייד און שענע זיטען —
וואלט מען נאר א הארץ פארמאגען.

יא, א הארץ אין ברוסט, און ליעבע,
ווארמע ליעבע אינ'ם הארצען! —
אך, מיך טויטען זיי'רע ליעדלעך,
מיט די אויסגעטראכטע שמארצען!

אויף די בערג וויל איך ארויפגעהן,
וואו עס שטעהען שטיבלעך קליינע,
וואו די ברוסט ווערט ברייטער, פרייער,
אטעמדיג די לופט די ריינע.

אויף די בערג וויל איך ארויפגעהן,
צווישען סאסנעס וויל איך לעבען,
טייכלעך רוישען, פייגעל זינגען,
און די שטאלצע וואלקענס שוועבען.

זייט געזונד, איהר גלאטע זאלען,
גלאטע זיהן און גלאטע טעכטער! —
פון די בערג ארונטער הערען
זאלט איהר מיין געלעכטער.

## אויפ'ן האַרדענבאַרג.

„הויבט אייך אויף, איהר אַלטע טרוימען,
מיין נשמה ווייז זיך אויס.
ליעדער־פרייד און אומעט טרערען
שטראָמען פון מיין הארץ ארויס.

בלאַנדזשען וויל איך דורך די טאַנען
וואו די קוואַל דאָרט פרעהליך שפּרינגט,
וואו עס וואַנדלען שטאַלצע הערשען
און דער ליעבער דראָסעל זינגט.

אויף די בערגער וועל איך שטייגען,
אויף די קרומע פעלזען געהן.
וואו די גרויע חורבות־שלעסער
אינ'ם זונען־שיין דאָרט שטעהן.

דאָרטען וועל איך שטיל זיך זעצען,
זיך דערמאָנען יענע צייט,
פון די בליהענדיגע דורות
און פאַרבליהטער הערליכקייט.

גראָז באַדעקט אצינד דעם קאַמפּ־פּלאַץ
וואו עס האָט געקעמפט דער מאַן,
וואָס איז אַלע בייגעקומען
און דעם פּרייז געוואונען דאָן.

ווילד איז דער באַלקאָן פאַרוואַקסען,
וואו געשטאַנען איז די פרוי,
וועלכע האָט מיט איהרע אויגען
באַזיגט דעם זיגער דאָן אזוי.

אוי, דעם זיגער און דער זיגערין
האָט באַזיגט דעם מלאך'ס האַנד. —
יענער ריטער מיט דער קאַסע
שטרעקט אונז אַלע אויס אין זאַמד."

## באַרג-אידיליע.

1.

אויף דעם באַרג דאָרט שטעהט אַ הייזעל
וואו דער אַלטער בערג־מענש וואוינט.
דאָרטען רוישען גרינע טאַנען
מיט לבנה שיין באַשיינט.

אין דעם הייזעל שטעהט אַ לעהנשטול
רייך געשניצט און וואונדערשען.
ווער עס זיצט אויף איהם איז גליקליך,
און אַט דער בין איך אליין.

מיר צופיסענס זיצט די קליינע
שפּאַרט די האַנד אַן אויף מיין שויס,
אויגען האָט זי ווי די שטערען
און אַ מויל אַ פּורפּור־רויז.

און די ליעבע, בלויע שטערען
קוקען מיך אַן אַזוי גרויס,
און זי לעגט דעם ליליען־פינגער
שעלמיש אויף דער פּורפּור־רויז.

ניין, עס זעהט אונז ניט די מאַמע,
ווייל זי שפּינט איצט אויפ'ן ראַד,
און דער אַלטער שפּיעלט די ציטהער
און ער זינגט פון גאָט'ס גענאַד.

און די קליינע, זי דערצעהלט מיר
שטיל, אז קוים נאר וואס מען הערט.
פון גאר פיעלע, פיעלע סודות,
שטיל, אז קוים נאר וואס מען הערט.

„אבער זינט ס'איז טויט די מוהמע,
קענען מיר שוין מעהר ניט געהן,
צו דעם שיס־פלאץ, וואס אין גאסלאר,
און דארט איז דאך וואונדער־שען.

„דא, פארקעהרט, איז עלענד, איינזאם,
אויף די בערג איז קאלט אזוי,
אין דעם גאנצען ווינטער איז מען
ווי פארגראבען אין דעם שנעע.

„און איך בין א שרעקיג מיידעל,
האב איך מורא ווי א קינד,
פאר די בייזע בערג־טייוואלים
וועלכע וואיען ווי דער ווינד."

פלוצים שרעקט אליין זיך איבער
ס'קליינע מיידעל פאר די רייד,
דעקט צו מיט די הענד די אויגען
און ווערט בלייך אזוי ווי קרייד.

העכער רוישט די טאנע דרויסען,
און דאס שפינראד קנאקט און ברומט,
אין דערצווישען קלינגט די ציטהער,
און דעם אלטען'ס ליעד עם זשומט:

„האָב קיין מורא ניט, קליין קינד מיינס
פאר דעם בייזען טייוועלס מאַכט,
טאָג און נאַכט מלאכים שטעהען
פאר דיר קינד מיינס, אויף דער וואַכט!“

2.

טאַנענבוים מיט גרינע פינגער
קלאַפט אין פענסטער אונז אריין,
און די האָרכענדע לבנה
ווארפט אריין איהר געלען שיין.

טאַטע־מאַמע שנאַרכעןביידע
אין דעם צימער וואָס דערביי,
דאָך מיר ביידע פּלאַפּלען גליקליך
און מיר פיהלען זיך גאָר פריי.

„אז דו האָסט צו אָפט געבעטען,
גלויבען ווילט זיך מיר דאָס ניט.
אָט דאָס צוקען פון די ליפען,
פון פיעל בעטען קומט דאָס ניט.

„אָט דאָס בייזע, קאַלטע צוקען,
דאָס דערשרעקט מיך יעדעס מאָל,
דאָך ווערט באַלד דער שרעק פארשוואונדען,
ווען כ'דערהער דיין פרומען קול.

„אויך גאָר צווייפעל איך צי גלויבסטו,
וואָס א גוטער גלויבען הייסט.
גלויבסט אודאי ניט אין פאָטער,
ניט אין זוהן, אין הייל'גען גייסט.“

אי, מיין קינד, נאָך גאַר אַלס אינגעל
ביי דער מאַמען אין דער שויס,
האָב איך שוין געגלויבט אין פּאָטער,
דער וואָס פיהרט די וועלט גאַר גרויס.

דער וואָס האָט די וועלט באַשאַפען
און די שענע מענשען אויך,
און די זון און די לבנה,
און די שטערען אין דער הויך.

ווען איך בין געוואָרען גרעסער
האָב איך זיך דערוואוסט דערפון:
לעבען גאָט, דעם גרויסען פּאָטער,
קיניגט אויכעט דאַ זיין זוהן.

ער, דער ליעבער זוהן וואָס האָט אונז
שען די ליעבע אויסגעמאָלט:
און אַלס שכר האָט ער, ווי ס'פּאַסט זיך
מיט זיין לעבען דאַן באַצאָלט.

איצט ווען איך בין אויסגעוואַקסען
פיעל געלעזען און גערייזט,
פיהל איך מיט מיין גאַנצען האַרצען
און איך גלויב אין הייליגען גייסט.

ער באַווייזט די גרעסטע וואונדער
און גאָר גרעסערע ווייזט ער נאָך,
האָט צובראָכען אַלטע שלעסער
און פון קנעכט דעם שווערען יאָך.

אלע שווערע וואונדען היילט ער
און באנייט דאַס אלטע רעכט.
אלע מענשען זענען ברידער,
אהן א האר און אהן א קנעכט.

ער צוטרייבט די שווערע נעבלען
און די פינסטערניש פון הארץ,
וואַס האַט אונז די לוסט און ליעבע
געהאלטען איינגעהילט אין שווארץ.

טויזענד ריטער גוט געפאנצערט
האַט ער פאר זיך אויסגעוועהלט,
אויסצופיהרען איהם זיין רצון,
און צום קאַמף זיי אויסגעשטעלט.

בליצען אין די הענד די שווערדען,
און די פאַהנען וועה'ן אין ווינד,
אי, איך וויים דו וואָלסט גאַר גערן
זעהן די ריטער — ניט מיין קינד?

אויב אזוי, קוק מיך אַן, קינד מיינס,
קוש מיך און קוק אַן מיך דרייסט.
ווייל איך בין אליין אזעלכער
ריטער פון דעם הייל'גען גייסט.

3.

שטיל באהאלט זיך די לבנה
דרויסען הינטער'ן טאַנענבוים,
און אין צימער אונזער לעמפיל
פלאקערט מאַט און צאנקט נאָך קוים.

אָבער מיינע בלויע שטערען
שטראַהלען איצטער העלער נאָך,
און ס'צוגליהט די פורפור רויז זיך,
און דאָס מיידעל זאָגט דערנאָך:

„קליינע מענשעלעך ווי שרעטלעך,
גנב'ענען דאָס ברויט אונז דאָ;
פאַרנאַכט ליגט עס נאָך אין קאַסטען
אין דער פריה איז'ס שוין ניטאָ.

קליינע שרעטלעך, און זיי נאַשען
פון די מילך די שמאַנט אַראָפּ;
לאָזען נאָך די שיסעל אָפען
לעקט די קאַץ דאָס לעצטע אָפּ.

און די קאַץ איז א מכשפה,
ווייל זי קריכט ביי נאַכט אין שטורם
דאָרט צום באַרג וואו שדים וואוינען
אין דעם איינגעפאַל'נעם טורם.

ס'איז אמאָל א שלאָס געווען דאָרט,
פול מיט שענקייט און מיט גלאַנץ,
בלאַנקע ריטער, פרויען, דיענער
פלעגען דאָרטען געהן א טאַנץ.

האָט פאַרשאָלטען א מכשפה,
יענע לייט און יענעם אָרט,
זענען טורעמס בלויז פאַרבליבען,
און די סאָרעס וואוינע דאָרט.

דאָך פלעגט אונז די מוהמע זאָגען:
זאָל ווער זאָגען ס'רעכטע וואָרט,
ביי דער נאַכט, ווען ס'וועט די צייט זיין
דאָרטען אויף דעם רעכטען אָרט.

וועלען זיך דאַן באַלד פאַרוואַנדלען
אַלע חורבות אין א שלאָס.
און עס וועלען ווידער טאַנצען
ריטער, פרויען אָהן א מאָס.

און ווער ס'האָט דאָס וואָרט געטראָפען,
איהם געהערען שלאָס און לייט,
און מיט פויקען און טרומייטען
פייערט מען זיין הערליכקייט."

אָט אזוינע כשוף־בילדער
בליהען פון דעם מויל ארויס,
און די בלויע אויגען גיסען
זייער בלויען שיין ארויס.

און די קליינע לאָזט פאַר'נאַנדער
איהרע האָר מיר אויף די הענד,
רופט די פינגער אָן מיט נעמען
לאַכט און קושט און שווייגט צום ענד.

אַלצדינג אין דעם שטילען צימער
קוקט מיך אָן אזוי באַקאַנט,
טיש און שאַפע, דאַכט מיר זאָגען:
ביזט פון לאַנג שוין אונז באַקאַנט.

פרײנדליך ערענסט רעדט דער זײגער,
און די ציטהער קוים מען הערט,
הויבט אלײן פון זיך אָן שפּיעלען,
איך בלײב זיצען װי פארקלערט.

איצטער איז די רעכטע שטונדע,
און דאָס איז דער רעכטער אָרט,
װעסט מײן קינד נשתומם װערען,
װעסט באלד הערען ס׳רעכטע װאָרט.

רעד איך אוים דאָס װאָרט, װערט ליכטיג,
און עס ציטערט אויף די נאכט,
טײך און טאנען רױשען העכער,
און דער אַלטער בארג ערװאכט.

ציטהער־קלאנג און קארליק־ליעדער,
הערען פון דעם בארג זיך באלד,
און עס שפּראָצט װי אין א פריהלינג
דאָ ארוים א בלומען־װאלד.

בלומען, הארציג שענע בלומען,
בלעטער, ברײט און פאבעלהאפט,
שמעקענדיג און שנעל באװעגטע,
װי גערדרענגט פון לײדענשאפט.

רױזען װי די רױטע פלאמען
שפּראָצען פון דעם אַלץ ארוים.
ליליען װי קריסטאַל׳נע זײלען
װאקסען ביז צום הימעל אוים.

און די שטערען גרויס ווי וונען
קוקען ווי פארבענקט אראָפּ,
און די שטראהלען זיי'רע שפּיגלען
אין די ליליען-בעכערס אָפּ.

דאָך מירביידע, אַי, זיס קינד מיינס,
מיר פארוואנדלען אונז נאָך מעהר.
פאקעל-גלאנץ אין גאָלד און זיידענס,
שימערט לעבען אונז אהער.

דו, דו ווערסט מיר א פּרינצעסין,
און דאָס הייזעל ווערט א שלאָס,
און עס טאַנצען ווידער לוסטיג
ריטער, פרויען אָהן א מאָס.

אָבער איך, איך האָב באקומען
דיך און אלצדינג, שלאָס און לייט.
און מיט פּויקען און טרומייטען
פּייערט מען מיין הערליכקייט.

## דער יונגער פּאַסטוך.

קעניג איז דער יונגער פּאַסטוך—
און די זון, זי איז זיין קרויז,
און זיין טראָן, דאָס איז א בערגיל
איינגעהילט אין גרינעם שיין.

איהם צו פיסענס ליגען לעמער,
ווייכע שמייכלערס זענען זיי.
קעלבער זענען קאוואלירען
און זיי וואנדלען שטאָלץ פארביי.

בעק, דאָס זענען הויף־אַקטיאָרען,
דאַרף מען הויף־מוזיק דערצו —
טרילערט אויף זיין קול דער פויגעל,
מיט איהר האַלז־גלאָק קלינגט די קוה.

און דאָס קלינגט און זינגט גאָר ליעבליך
און גאָר ליעבליך רוישען אויך,
טאַנענבוימער, וואַסער פאַלען
וואָס זיך וואַרפען פון דער הויך.

שלאָפט דער קעניג, מוז רעגירען
דער מיניסטער, יענער הונד,
וועמענס בייזער, שאַרפער בילען
הילכט אָפּ ביז׳ן טיפסטען גרונד.

קלאָגט זיך פונ׳ם שלאָף דער קעניג:
„צו רעגירען איז מיר שווער.
אך, ווי בין איך אין דער היים שוין,
וואו עס ציהט מיך אַזוי זעהר.

אין די אָרעמס פון מיין קעניגין
רוהט מיין קאָפּ אוים אַזוי ווייך,
און אין איהרע ליעבע אויגען
ליגט מיין גרויסעס קעניגרייך.

## אויפ׳ן בראָקען.

אין דעם מזרח ווערט שוין העלער,
פון דער זון וואָס געהט איצט אויף,
שפּיץ פון בערגער, דאַכט זיך שווימען,
אין א ים וואָס האָט קיין סוף.

וואָלט איך האָבען צויבער שטיוועל,
מיט דער שנעלקייט פונ׳ם ווינד,
וואָלט איך לויפען צו דעם בערגיל,
צו דעם הויז, וואו ס׳שלאָפט דאָס קינד.

פון דעם בעטיל, וואו זי שלאָפט נאָך,
הויב איך די גאַרדינען אויף.
איך באַטראַכט דאָס שענע פּנים,
פּרעס אָפּ שטיל א קוש דערויף.

און נאָך שטילער וואָלט איך שעפּטשען,
אין איהר קליינעם אויער אריין,
ווי דו שלאָפסט אַזוי, געדענק זשע
אויך אין חלום, דו ביזט מיין.

## די אילזע.

איך בין פּרינצעסין אילזע,
און וואוין אין אילזען־שטיין.
קום מיט, מיט מיר אין פּאַלאַץ,
מיר וועלען גליקליך זיין.

דיין קאָפּ וועל איך באַנעצען
מיט וועלען קלאָר און קאַלט;
דיין שמערץ זאָלסטו פאַרגעסען,
וואָס מאַכט דיך קראַנק און אַלט.

אין מיינע ווייסע אָרעמס,
און אויף מיין ווייסער ברוסט,
וועסט ליגען און דיר טרוימען
פון אַלטען גליק און לוסט.

איך וועל דיך קושען, האלזען,
ווי כ'האָב געהאַלזט אמאָל
דעם ליעבען קייזער היינריך,
וואָס רוהט אין טויטען־טאָל.

עס בלייבען טויט די טויטע,
און נאָר ווער ס'לעבט, דער לעבט;
און איך בין יונג און פרעהליך,
מיין הארץ צום לעבען שטרעבט.

קום מיט, מיט מיר ארונטער
אין מיין קריסטאַלען שלאָס,
דאָרט טאנצען פרויען ריטער
און יובלען אָהן א מאָס.

עס רוישען די זיידענע שלעפּען,
און ס'קלינגען די אייזערנע שפּאָר'ן.
די קאַרליקעס שאַלען און פּויקען
און פידלען און בלאָזען אין האָרן.

דאָך דיך האלט איך פעסט אין די אָרעמס,
ווי כ'האָב עס דעם קייזער געטאָן,
איך האָב איהם פארשטעלט ביידע אויערן,
ער זאָל ניט דערהערען קיין טאָן.

# ערשטער ציקלוס.

אונאויגעניציג צו זיין אין אלץ, צום אונאויגעניציגסטען אין דער ליעבע און דער פריינדשאפט, דאס איז געוועזן מיין העכסטער פארלאנג, מיין מאקסימע, אזוי, אז יענעם פרעבע, שפעטערע ווארט: „ווען איך האב דיך ליעב, וואס געהט עס דיך אן?“ איז מיר אמת׳דיג געקומען פון דער נשמה.

(פון געטהע׳ס „דיכטונג און ווארהייט“ פיערצעהנטעם בוך).

1.

קרוינונג.

איהר ליעדער! איהר מיינע גוטע ליעדער!
שטעהט אויף און טוט כלי־זיין אן!
לאזט בלאזען די טראמפייטען,
און הויבט מיר אויף דעם שילד ארויף
אט דאס יונגע מיידעל,
וואס זאל אצינד באהערשען מיר דאס הארץ
אלס קעניגין.

א לויב צו דיר, דו יונגע קעניגין!

פון דער זון דארט אויבען,
רייס איך אראפ דאס שטראהלענדיגע רויטע גאלד,
און וועב דערפון א דיאדעם

פאר דיין געוויהטען קאפ.
פון דער פלאטערדיגער זיידענבלויער הימעל־דעק,
וואו ס'בליצען די דימענטען פון דער נאכט,
שנייד איך ארויס א טייער שטיק,
און הענג עס אן דיר אויף די אקסלען
פאר א קרוינונגס־מאנטעל.
און געבען וועל איך דיר פאר הויף־באדינער,
שטייף־אויסגעפוצטע סאנעטען,
שטאלצע טערצינען און העפליכע סטאנצען;
פאר לויפערס וועט מיין וויץ דיר דיענען.
א הויף־נאר וועט דיר זיין מיין פאנטאזיע,
און מיין הומאר וועט דיענען דיר פאר
א העראלד.
און איך אליין, דו קעניגין,
איך אליין, איך פאל פאר דיר,
און אויף די קניה דערלאנג איך דיר,
אויף א רויטען סאמעט־קישען,
דאס ביסעל פארשטאנד,
וואס אוים רחמנות האט מיר נאך געלאזען,
די קעניגין, וואס איז געוועזן פאר דיר.

2.

## בין השמשות.

ביים בלאסען ברעג פון ים,
בין איך געזעסען איינזאם און פארזונקען
אין שווערע, פינסטערע געדאנקען.
די זון האט זיך אראפגעלאזען טיעפער
און האט געווארפען רויטע פאסען אויף דעם וואסער,
און די ווייסע, ווייטע כוואליעס,
אנגעיאגטע פון דער פלוט,
האבען געשוימט און גערוישט אלץ נעהענטער און נעהענטער—

א זעלטזאמער געוויש, א שעפּטשענען און פייפען,
א לאכען, מורמלען, זיפּצען, זשומען און איבער אַלץ
א מאָדנע היימיש זינגען ווי א וויעגליעד. —
מיר איז געווען ווי כ׳וואָלט געהערט פארגעסענע לעגענדען,
און ליעבע מעשה׳לעך פון אלטע צייטען,
וואָס כ׳האָב אמאָל אלס קינד,
געהערט פון שכנים׳ס קינדער,
ווען מיר פלעגען אין די זומער אָבענדען
זיצען אויף די שטיגען לעבען הויז,
מיט קליינע האָרכעדיגע הערצער,
און נייגעריג קלוגע אויגען;
און דאָרטען קעגענאיבער
ביי די פענסטער לעבען שמעקענדיגע בלומענטעפּ
פלעגען זיצען זיי, די גרויסע מיידלעך,
און שמייכלען שטיל מיט ראָזאָווע געזיכטער,
און באשיינטע מיט לבנה־שיין.

3.

### זון אונטערגאַנג.

די גליהענדיגע רויטע זון
פארגעהט אין ווייט אויפשוידערדיגען
זילבער־גרויען, גרויסען ים;
לופט־בילדער ראָזיג אַנגעהויכט
כוואַליען איהר נאָך; און קעגענאיבער
פון הערבסטיג האלב פינסטערע וואָלקענשלייערס,
שווימט ארויס דאָס טויט־בלאַס טרויעריגע אַנגעזיכט
פון דער לבנה.
און הינטער איהר אין ווייטען נעבעל
שימערען ווי ליכטלעך, די קליינע שטערען.

אמאל, אמאל פלעגט אין דעם הימעל
שיינען ווי א כשר פאר,
די געטין לונא און סאל דער גאט.
און ארום זיי א גאנצע מחנה שטערען,
די קליינע, אומשולדיגע קינדער.

נו, האבען זיך אריינגעמישט די בייזע צינגער,
און אט די לייכטענדיגע מאן און ווייב
האבען זיך צושיידט ווי שונאים.
און איצטער געהט בייטאג ארום דער זון־גאט
אן איינזאם־שטאלצער, און פאר זיין הערליכקייט
ווערט ער פארעהרט און פיעל באזונגען
פון שטאלצע מענשען, גליקליכע.
און קומט די נאכט, שפאציערט ארום אין הימעל
די ארימע מוטער, לונא,
מיט איהרע פאר׳יתומ׳טע שטערען־קינדער.
און שיינען שיינט זי מיט א שטילען אומעט,
און פארליעבטע מיידלעך און זאנפטע דיכטער,
זעגען צו איהר מקריב טרעהרען און ליעדער.

די ווייכע לונא! ווייבעריש ווי זי איז,
האט זי אליץ נאך ליעב איהר שענעם מאן.
און ווען עס קומט אן דער פארנאכט,
דאן בויגט זי זיך ארוים פון לייכטע וואלקענדלעך,
און הארכט און קוקט זיך צו מיט שמערץ
צו איהר פארגעהענדיגען מאן,
און וואלט איהם וועלען רופען: „קום!“

„קום! די קינדער בענקען דאך נאך דיר!—“
דער שטאלצער זון־גאט אבער,
ווען ער דערזעהט זיין ווייב,
צוגליהט ער זיך אין צווייענדיגען פורפור,

פאַר צער און צאָרן,
און א ברוגז'ער לאָזט ער שנעל אַרונטער זיך
אין וואסער־קאַלטען אלמן־בעט.

* * *

אַט אזוי איז דאָס געשעהן,
אַז שלעכטע, בייזע צינגער
האָבען אויך אויף געטער
געבראכט גאַר אלע צרות.
און זיי, די בידנע געטער, דאָרט אין הימעל
וואַנדלען זיי פול מיט צער און אָהן א טרייסט,
אויף וועגען, וואָס עס נעמט צו זיי קיין סוף ניט,
און קענען ניט שטאַרבען,
און שלעפען מיט זיך
זייער שטראַהלענדיג עלענד.
איך אָבער, איך דער מענש,
דער נידעריג געפלאַנצטער, דער טויט־באַגליקטער,
א י ך קלאָג ניט מעהר.

4.

## די נאַכט ביים באָרטען.

די נאַכט איז קאַלט און האָט גאַר ניט קיין שטערען,
עס געניצט דער ים;
און איבער דעם ים, ליגט אויף דעם בויך אַז אויסגעשטרעקטע,
דער מאָנסטעריעזער צפון־ווינד,
און ווי א מרוק וואָס פיהלט זיך גוט געשטימט,
פלאַפעלט שטיל ער מיט א קרעכצענדיגער שטים,
און רעדט צום וואסער,
און דערצעהלט גאַר ווילדע מעשיות,
לעגענדען פון ריעזען, און בלוטיגע שחיטות,
און אלטע, אלטע מעשיות פון נאָרוועגען.

און אין מיטען לאכט ער גאָר און האַלט אַרוים
כשוף־ליעדער פון דער עדאַ,
און צויבער־שפּרוכען,
אזוי טונקעל־טראַציג און אזוי כשופ׳דיג,
אז די ווייסע קינדער פונ׳ם ים,
שפּרינגען אויף מיט פרייד
און שכור פון הנאה.

און אין דערזעלביגער צייט,
שפּאַציערט זיך אויף דעם פלאכען ברעג,
אויף דעם גלאנציג־פייכטען זאמד,
א פרעמדער מיט א האַרץ,
וואָס איז נאָך ווילדער ווי דער ווינד און ס׳וואסער.
דאָרט וואו ער טרעט,
דאָרט פליהען פונקען, און ים־שיסעלעך
פּלאַצען אונטער זיינע טריט;
און ער הילט זיך פעסט איין אין זיין מאנטעל,
און געהט מיט שנעלע טריט דורך דער וועהענדיגער נאכט,
געפיהרט פון א קליינעם ליכטעל,
וואָס ציטערט ליעבליך און עס רופט
פון אַן איינזאם פישער־הייזעל.

דער טאַטע און דער ברודער זענען אויפ׳ן ים.
און אין דעם הייזעל,
איז דאָרט איינע גאָר אליין,
דעם פישער׳ס שענע טאָכטער.
זי זיצט ביים פייער
און האָרכט זיך איין
ווי מאָדנע ס׳זינגט דער וואסער־קעסעל,
און ווארפט אַן שפּענער אויפ׳ן פייער,
און בלאָזט אין זיי;
און די פלאַקערדיגע רויטע פלאמען,

באלייכטען כשופ'דיג
דאָס בליהענדיגע פּנים,
און די צאַרטע, ווייסע שולטער,
וואָס קוקען גנב'יש פון דעם גראָבען העמד ארויס,
און ס'פאלען אויף די פלאַמען
אויף דער קליינער פאַרענדיגער האנד,
וואָס פארבינדט דאָס אונטער־קליידעל,
ארום די דינע היפטען.

און פּלוצלינג אבער עפענט זיך די טיר,
און ס'קומט אריין דער פרעמדער;
זיכער אין דער ליעבע, רוהט דאָס אויג
אויף דעם ווייסען, שלאַנקען מיידעל,
וואָס שטעהט פאר איהם און ציטערט,
ווי א דערשראָקענע ליליע;
און ער ווארפט אראָפּ דעם מאנטעל,
און לאכט און זאָגט:

„זעהסט מיין קינד, איך האלט מיין וואָרט.
איך קום, — און מיט מיר קומט
די אלטע צייט, ווען פון דעם הימעל
פלעגען געטער קומען צו די מענשענטעכטער,
און פלעגען זיי אומאַרעמען,
און ברענגען אויף דער וועלט
מלכים־דורות מיט סצעפּטערס אין די הענד,
און העלדען, וואָס האבען באזיגט די וועלט.

דאָך, קינד מיינס, הער אויף שטוינען
אויף מיין געטליכקייט,
און כ'בעט דיך, קאָך מיר טהעע מיט ראָם,
ווייל דרויסען איז איצט קאַלט.

און אין אזוינע קאלטע נעכט,
פריחרען אפילו אויך מיר אונשטערבליכע געטער,
און מיר קריגען לייכט דעם געטליכען קאטער,
און א חוסט וואס איז אונשטערבליך.

## 5.

## פאסיידאן.

די זונענשטראהלען האבען זיך צושפיעלט
אויף דעם וויטען כוואליענדיגען ים;
העט וויים, וואו עס אנקערען די שיפען,
האט געגלאנצט די שיף, וואס האט געזאלט
פיהרען מיך אהיים;
עס האט אבער געפעהלט א גוטער ווינד.
און איך בין רוהיג מיר געזעסען
אויף א ווייסען זאמד־בארג
ביים איינזאמען ים,
און האב געלייענט דאס ליעד פון אדיסעאוס.
דאס אלטע, אייביג יונגע ליעד,
פון וועמענס בלעטער, אין וועלכע ס׳רוישט דער ים,
עס האט צו מיר ארויסגעוועהט דער אטעם פון די געטער,
און דער ליכטיגער מענשען פריהלינג,
און דער בליהענדיגער הימעל פון חעלאס.

מיין עדעל הארץ געוועזען איז געטריי
און האט באלייט דעם זוהן פון לערטערס,
אויף אלע זיינע בלאנדזשענישען און געפאהרען,
מיט איהם צוזאמען האט עס זיך געזעצט
ביי פריינדליכע מענשען,
וואו קעניגינס האבען געשפונען פורפור,
און איהם געהאלפען זאגען ליגען און געהאלפען
אנטרינען פון הייהלען וואו עס וואוינען ריעזען,
און פון די ארעמס פון נימפען.

און עס איז איהם נאָכגעגאנגען אין דער פינסטערער נאַכט
אריין

און אין דעם שטורעם און אין דעם שיפּברוך,
און געליטען מיט איהם שרעקליך גרויסע ליידען.

זיפצענדיג האָב איך געזאָגט: דו בייזער פּאָסיידאָן,
דיין צאָרן איז שרעקליך,
און איך שרעק זיך שוין אליין
פאר מיין איינענעם היימקעהר.

און קוים האָב איך ארויסגערעדט די ווערטער,
האָט אויפגעשוימט דער ים,
און פון די ווייסע כוואַליעס
האָט זיך א הויב געטאָן דער קאָפּ פון ים־גאָט,
און שפּאָטיש האָט ער אויסגערופען:

„שרעק דיך ניט, פּאָעטעל דו!
דיין שיף וועל איך אפילו ניט באריהרען.
און אז דו זאָלסט ניט ציטערען פאר דיין שטיקעל לעבען,
וועל איך זי שטאַרק ניט טרייסלען.
ווייל, דו פּאָעטעל קליינס, דו האָסט מיך ניט דערצאָרענט.
קיין איינציג טורעמעל האָסטו מיר ניט צושטערט.
קיין איינציג האָרעלע האָסטו ניט אָנגעצונדען
ביים אויג פון מיין זוהן פּאָליפעמאָס,
און פּאַלאַס אטהענע, די געטין פון חכמה
האָט דיך קיינמאָל מיט קיין עצה ניט באשיצט.

אזוי האָט געזאָגט פּאָסיידאָן,
און האָט זיך צוריק אראָפּגעלאָזט אין ים;
און איבער דעם וויץ פון דעם גרויסען ים־מענש,
האָבען אונטען געלאַכט די וואַסערען,
די אומגעלומפּערטע אמפיטריטע, וואָס איז האלב פיש,
האלב פרוי,
און די דומע טעכטער פון נערעאוס.

6.

## דערקלערונג.

ס'איז צוגעפאלען דער אבענד,
און ווילדער האט זיך צושפיעלט דער ים,
און איך בין געזעסען ביים ים
און זיך צוגעקוקט
צום ווייסען טאנץ פון די כוואליעס.

און ס'האט זיך מיין ברוסט צעוואקסען
גרויס ווי דער ים,
און כ'האב פארבענקט זיך נאך מיין היים,
נאך דיר, מיין ליעבע, און דיין בילד דעם שענעם,
וואס שוועבט ארום מיר אומעטום,
און אומעטום רופט עס מיך,
אומעטום, אומעטום.
אין פייפען פון ווינד, אין ברויזען פון ים,
און אין זיפצען פון מיין אייגען הארץ.

מיט א לייכט שטעקעלע
האב איך אין זאמד געשריעבען:
„אגנעס, איך האב דיך ליעב!“
האבען זיך אבער א לאז געטאן
די בייזע וועלען, און אפגעווישט
די זיסע ודוי מיינע.

נישטיג שטעקעלע, צוריבענער זאמד,
פארפלייצענדיגע וועלען, כ'געטרוי אייך ניט מעהר!
דער הימעל ווערט טונקעלער, מיין הארץ ווערט ווילדער.
און מיט א שטארקער האנד רייס איך ארויס
פון נארוועגס וועלדער
דעם העכסטען טאנענבוים,

און טונק איהם איין
אין עטנאַ'ס גליהענדיגען תהום
און מיט אזא ריעזיגער פעדער,
איינגעטונקט אין פייער,
שרייב איך אָן אין הימעל:
„אגנעס, איך האָב דיך ליעב!“

און יעדע נאַכט וועט אויבען ברענען
אָט די אייביגע פלאַמיגע אויפשריפט,
און אַלע קומענדיגע דורות
וועלען מיט א פרייד אין הארצען,
לייענען אָט די ווערטער אויפ'ן הימעל:
„אגנעס, איך האָב דיך ליעב!“

7.

## נאַכט אין דער קאַיוטע.

דער ים האָט זיינע פערעל,
דער הימעל זיינע שטערען:
אָבער מיין הארץ, מיין הארץ
מיין הארץ פארמאָגט זיין ליעבע.

גרויס איז דער ים און דער הימעל,
דאָך גרעסער איז מיין הארץ:
און שענער פון פערעל און שטערען
לייכט דאָרט און שטראַהלט מיין ליעבע.

דו קליינע יונגע מיידעל
קום אין מיין גרויסען הארץ:
מיין הארץ און דער ים און דער הימעל
פארגעהען פון לויטער ליעבע.

* * *

אויף דער בלויער הימעל־וועלבונג
וואו די שענע שטערען פינקלען,
וואָלט איך מיינע ליפּען פּרעסען,
פּרעסען ווילד און שטורמיג וויינען.

יענע שטערען זיי'ן די אויגען
פון מיין ליעבסטער, טויזענדפאכיג
לויכטען זיי און גריסען פריינדליך
פון דער בלויער הימעל־וועלבונג.

צו דער בלויער הימעל־וועלבונג,
צו די אויגען פון מיין ליעבסטער
שטרעק איך פרום אויס מיינע אָרעמס
אין א שטילער פרומער תפלה:

ליעבע אויגען, ליכט פון גנאָדען,
אָ, באַגנעדיגט מיין נשמה —
לאָזט מיך שטארבען און באקומען
אייך און אייער גאנצען הימעל!

*   *   *

פון די הימעל־אויגען אויבען
פאַלען ציטריג גאָלדנע פונקען
אין דער נאַכט, און מיין נשמה
ווערט פון ליעבע ברייטער, ווייטער.

אָ, איהר הימעל־אויגען אויבען!
וויינט אייך אויס אין מיין נשמה,
איבערגעהן זאָל מיין נשמה
פון די קלאָרע שטערען־טרערען.

*   *   *

איינגעוויגט פון גרויסע כוואַליעס
און פון ליעבעס טרוים־געדאַנקען
ליג איך שטיל אין דער קאַיוטע
אויף דעם טונקלען ווינקעל־בעט.

דורך דעם אָפ'נעם שייבעל קוק איך
צו די העלע שטערען אויבען:
די געליעבטע, טרייע אויגען
פון מיין זיסער, מיין געליעבטער.

די געליעבטע טרייע אויגען
וואַכען העל איבער מיין קאָפּ:
און זיי פינקלען, און זיי ווינקען
פון דער בלויער הימעל־וועלבונג.

צו דער בלויער הימעל־וועלבונג
קוק איך גליקליך לאַנגע שעה'ן:
ביז א ווייסער נעבעל־שלייער
הילט מיר איין די ליעבע אויגען.

* * *

אויף דער ברעטערנער שיפוואַנד
וואו מיין טרוימענדיגער קאָפּ ליגט
קלאַפּען די וועלען, די ווילדע וועלען:
זיי רוישען און מורמלען
מיר היימליך אין אויער:
„דו נאַרישער בחור!
דיין אָרעם איז קורץ און דער הימעל איז ווייט,
און ס'זענען די שטערען דאָרט פעסט צוגענאַגעלט
מיט גאָלדענע נעגעל. —

אומזיסט איז דײן בענקען, אומזיסט איז דײן זיפצען,
דאס בעסטע פאר דיר װאלט געװען
אז דו זאלסט שױן שלאפען.“

* * *

איך האב גע׳חלום׳ט פון א װײטער סטעפּע
פארדעקט, פארהילט מיט שטילע װײסע שנעען;
און אונטער׳ן װײסען שנײ ליעג איך באגראבען
און שלאף דעם אײנזאם קאלטען טױטענשלאף.

דאך אױבען פון דעם טונקלען הימעל קוקען
ארונטער אױף מײן גרוב די שטערענאױגען,
די זיסע אױגען! און זײ גלאנצען זיעגעריש
און רוהיג פרעהליך, אבער פול מיט ליעבע!

8.

## שטורעם.

עס כעס׳ט דער שטורעם,
און ער שמײסט די װעלען,
און די װעלען שױמען פאר כעס,
און הױבען זיך װי טורעמס אין דער הױך,
און עס יאגען זיך לעבעדיג
די װײסע װאסער־בערג,
און דאס קלײנע שיפעל,
הױבט זיך קױם ארױף צו זײ
מיט אלע כחות,
און פלוצלינג טוט עס שנעל א פאל צוריק
אין שװארצע, ברײט גענעצדיגע
װאסער אבגרונדען.

אָ, ים!
פאָטער פון דער שענהייט, וואָס איז ארויס פון שוים,
זיידע פון דער ליעבע! האָב איינזעהן מיט מיר!
שוין פלאַטערט די ווייסע, געשפּענסטישע מעווע,
און עסט זיך איין אין מאָסטבוים מיט איהר שנאָבעל,
און לעכצט און וויל אויפפרעסען דאָס הארץ,
וואָס רופט אויס דעם ליעב פון דיין טאָכטער,
דאָס הארץ, וואָס דיין אייניקעל,
דער קליינער שאַלטיק, האָט זיך אויסגעקליבען
פאר א שפּיעלצייג.

אומזיסט מיין בעטען און וויינען!
מיין געשריי פארקלינגט אין ווילדען שטורעם,
אין דעם שלאכט-געטומעל פון ווינד.
עס ברויזט און פייפט און קלאַפּט און האילט,
ווי א דולהויז פון טענער!
און אין מיטען פון דעם אלעמען,
דערהער איך פלוצלינג
פארפיהרערישע הארפען קלאַנגען,
און א פארבענקט געזאַנג,
וואָס צונעמט דאָס הארץ און צורייסט די נשמה,
און איך דערקען דאָס קול.

ווייט ביים שאָטלענדישען ברעג,
וואו דאָס גרויסע שלאָס
קוקט פון די פעלזען צום ים ארויס,
דאָרט ביי הויכע, האלבקיילעכדיגע פענסטער,
שטעהט א שענע, קראַנקע פרוי,
צאַרט דורכזיכטיג און בלאַס ווי מאַרמאָר
און זי שפּיעלט אויף א הארף און זי זינגט.
און דער ווינד געהט אין איהרע לאַנגע לאָקען,
און טראָגט אַוועק דאָס אומעטיגע ליעד
איבער דעם ווייטען, שטורעמדיגען ים.

## 9.

## ים-שטילקייט.

דער ים איז שטיל, און איהרע שטראהלען
ווארפט די זון איצט אויפ'ן וואסער.
און אין שטורעמדיגע כוואליעס,
שניידט די שיף אוים גרינע בייטען.

ביי דעם רודער ליגט דער שיפער
אויף דעם בויך, און שנארכט זיך רוהיג.
ביי דעם מאסטבוים זיצט דער שיפיונג
און ער לאטעט אוים די זעגלען.

פון די באקען שפריצט א רויטקייט,
און זיין ברייטער מויל, ער ציטערט
אומעטיג, און טרויריג שמערצליך
קוקען זיינע גרויסע אויגען.

און דער קאפיטאן שטעהט פאר איהם
און ער בייזערט זיך און שילט איהם:
„גנב דו, דו האסט גע'גנב'עט
פון דעם פאס ארוים א הערינג!"

דער ים איז שטיל און פון די וועלען
קוקט ארוים א קליין קלוג פישעל,
ווארעמט ס'קעפעל ביי דער זון זיך
קלאפט גאר לוסטיג מיט'ן עקעל.

דאך די מעווע, פון דער לופטען,
מוט זי שנעל צום פיש א לאז זיך,
מים דעם שנעלען רויב אין שנאבעל,
טראגט זי זיך שוין אין דער בלויקייט.

## 10.

## ים-געשפענסט.

איך בין ביים ראנד פון שיף געלעגען
און מיט פאר'חלומ'טע אויגען,
געקוקט אראָפּ צום שפּיגעל קלאָרען וואסער,
און געקוקט אלץ טיפער, טיפער —
ביז כ'האָב דערזעהן דאָרט טיף אין אָבגרונד,
צוערשט א טונקלען נעבעל,
און בּיסלעכווייז דאָן האָבען זיך באוויזען
קירכען מיט קופּאָלען און מיט טורעמס,
און ענדליך, ווי די זון קלאָר,
א גאנצע שטאָדט,
פארצייטיג, האָלענדיש
און פול מיט מענשען.
ערנסטע מענער, אין שווארצע מאנטלען
מיט ווייסע האלזקראגענס און עהרענקייטען,
מיט לאנגע דעגענס און לאנגע געזיכטער,
זענען דאָרט געגאנגען איבער'ן מארק,
ארויף צום ראטהויז מיט די הויכע שטיגען,
וואו ס'זענען אין א וואך געשטאנען
שטיינערנע קייזער־סטאטוען,
מיט סצעפּטערס און מיט שווערדען.
נים ווייט פון דאָרט, פאר לאנגע הייזער־רייהען,
מיט שפּיגעל בלאנקע פענסטער,
און פּיראמידיש באשניטענע לינדען,
דאָרט האָבען ארומשפּאצירט,
יונגע מיידלעך אין שאָרכענדיגע זיידענקליידער,
מיט שלאנקע פיגורען, און בלומענגעזיכטער,
אנגעטאָן אין שווארצע היטעלעך,

פון וועלכע ס'האָבען זיך באַוויזען
כוואַליענדיגע גאָלדנע האָר.
יונגע לייט אין בונטער שפּאַנישער טראַכט,
זענען שטאָלץ פאַרביי געגאַנגען
און געשאָקעלט מיט די קעפּ;
באַיאַהרנטע פרויען,
אין ברוינע אַלט פאַרגעסענע קליידער,
מיט געזאַנג ביכער און רויזען קרענץ אין די הענד
האָבען מיט דריבנע טריטעלעך,
געאיילט זיך אין דער גרויסער קירך אַריין,
געיאָגט פון גלאָקען־קלאַנגען
און פון רוישענדיגע אָרגעלטענער.

אויף מיר אַליין האָט אויף דער ווייטער קלאַנג
ווי אַנגעוועהט א פרומען ציטער.
א שטאַרקע בענקעניש און א טיפער אומעט
האָבען געפאַנגען מיין האַרץ,
מיין נאַר וואָס געהיילטען האַרץ;
מיר איז געווען, ווי עמיץ וואָלט א קוש געטאָן
אויף מיינע וואונדען,
און ווידער האָבען זיי גענומען בלוטיגען.
הייסע, רויטע טראָפּענס,
טריפען לאַנג און לאַנגזאַם
אויף אַן אַלטען הויז
מיט א דאַך א שפּיציגען,
וואָס זעהט אויס וויסט און מענשענלעער.
נאָר אונטען בלויז ביים פּענסטער
זיצט א מיידעל,
אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנד,
ווי אַן אָרים, פאַרגעסען קינד. —
איך קען דיך אָרים, פאַרגעסען קינד!

אזוי טיעף אלזאָ אָרים קינד מיינס
האָסטו דיך באהאלטען דאָרט אין ים,
געטריבען פון א קינדערשען קאפריז, —
און האָסט ניט מעהר געקענט ארויף,
און ביזט א פרעמדע צווישען פרעמדע מענשען,
געזעסען דאָרטען הונדערטער מיט יאָהרען,
אין דער צייט, וואָס איך האָב דיך
אַרומגעזוכט דאָ אויף דער גאנצער ערד,
און תמיד נאָר געזוכט דיך,
דו אייביג געליעבטע,
דו לאנג פארלוירענע,
דו ענדליך געפונענע —
איך האָב דיך געפונען און זעה איצט ווידער
דיין זיס געזיכט,
די קלוגע, טרייע אויגען,
דאָס ליעבע שמייכעלע. —
און קיינמאָל וועל איך דיך ניט מעהר פארלאָזען.
און אָט געה איך אראָפּ צו דיר,
און מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס,
ווארף איך זיך צו דיר. —

אָבער אין דער רעכטער צייט נאָך,
האָט מיך אָנגעכאפּט ביים פוס
דער קאפּיטאן,
און מיך אוועקגעשלעפּט פון שיף־ראנד
און מיט פארדרוס און שמייכעלדיג
האָט ער אויסגערופען:
„דאָקטאָר, זענט איהר משוגע?"

## 11.

## ריינײגונג.

פארבלייב דא אינ׳ם אפגרונד פונ׳ם בלויען ים
משוגע׳נער מיין בייזער טרוים!
ווי אפט האסטו מיין זעל מיט פאלשען גליק
געמאטערט אין דער נאכט,
אפילו איצט, אין מיטען פון דעם העלען טאג,
וואס שרעקט מיך ווי א ים־געשפענסט.
פארבלייב אויף אייביג אין דעם טיפען אפגרונד
און איך וועל ווארפען דיר אהין צום אפגרונד
מיין טרויער און די אלע מיינע זינד,
מיין נאריש מיצעל און די גלעקלעך,
וואס אויף מיין קאפ האט אזוי לאנג געקלונגען,
און אויך די קאלטע שלאנגענהויט פון פאלשקייט,
וואס האט מיר אזוי לאנג מיין זעל געדריקט,
מיין קראנקע זעל.
האיהא, האיהא! דער ווינד קומט אן,
די זעגלען פלאטערען און וועהען אין דער הויך,
און אויפ׳ן שטילען בייזען וואסער
שניידט שנעלער דורך מיין שיף.
און ס׳פרעהט זיך מיין באפרייטע זעל.

## 12.

## פריידען.

הויך אין הימעל איז די זון געשטאנען,
ארומגערינגעלט פון פיעל ווייסע וואלקענס.
דער ים איז שטיל.
און א פארטראכטער ליג איך ביים רודער פון שיף,

טרוימעריש פארטראכט — און האלב אין שלאף,
און האלב ווי אויפ'ן וואהר.
האָב איך דערזעהן קריסטוס,
דעם אויסלייזער פון דער וועלט.
אין א ווייסען, ברייטען מאנטעל,
האט ער א ריעזיג גרויסער ארומגעשפאנט
איבער דעם ים און איבער דער יבשה;
אנשטאט א הארץ האָט ער געהאט אין ברוסט
די זון,
די גרויסע, פלאמענדיגע זון;
און דאס רויטע, פלאמענדיגע זון הארץ
האט געשטראהלט מיט זיינע גנאדען־שטראהלען,
און זיינע גוטע, ליעבע שטראהלען
האבען געלויכטען און געווארעמט
איבער דעם ים און דער יבשה.

גלאָקען־קלאנגען האבען זיך געצויגען פייערליך
אהין און אהער, און ווי ווייסע שוואנען
איינגעשפאנט אין ראזע בענדער
האבען זיי געשלעפט די שיף
און שפיעלענדיג געשלעפט זי
צו דעם גרינעם ברעג,
וואו מענשען וואוינען, אין א גרויסער שטאדט
מיט הויכע טורעמס.

א, פריעדענס־וואונדער! ווי שטיל די שטאדט!
מען הערט ניט קיין גערויש,
און קיינער טוט ניט גאר ניט,
און דורך די ריינע, אפקלינגענדע גאסען,
האבען מענשען זיך ארומגעדרעהט,
אין ווייסע קליידער און מיט פאלמען אין די הענד.

און וואו עס האָבען צוויי באַגעגענט זיך,
האָבען זיי זיך האַרציג אָנגעקוקט,
און ציטערדיג פון ליעבע און זיסער ענטזאַגונג,
האָבען זיי געקושט זיך אויפ'ן שטערן,
און געקוקט אַרויף
צום אויסלייזערס זוניגען האַרץ,
וואָס האָט פאַרגעביג און מיט פרייד
אַראָפּגעשטראַהלט זיין בלוט, דאָס רויטע בלוט,
און דריי מאָל זעליג האָבען זיי געזאָגט:
„געלויבט איז יעזוס קריסטוס!“

* * *

הלואי וואָלסטו נאָר אָט דאָס טרוימבילד אויסגעקלעהרט!
וואָס וואָלט עס דיך געאַרט
געליעבסטער?
דו, וואָס דו ביזט שוואַך אין קאָפּ און לענדען,
און אין גלויבען שטאַרק אַזוי,
און גיסט אָפּ כבוד די דריי אייניקייט,
און קושסט אַ יעדען טאָג דאָס הינטעל
און דעם צלם און די הענטלעך
פון דער גרויסער האַרענטע,
וואָס וואָלט דיך דען געאַרט
ווען דו שטעלסט אָן אַ פרומען פנים,
און דערהייבסט דיך און ווערסט אַ הויף־ראַט,
און דאַן אַ יוסטיץ־ראַט,
און ענדליך גאָר אַ ראַט ביי דער רעגירונג,
אין דער פרומער שטאָדט,
וואו ס'בליהט דאָס זאַמד און ס'בליהט דער גלויבען
און ס'געדולדיגע וואַסער פון שפּרעא
וואַשט די זעעלען און פאַרדונסט דעם טעע —
הלואי וואָלסטו נאָר אָט דאָס טרוימבילד אויסגעטראַכט,
געליעבסטער!

דו וואָלסט עס דאַן געבראַכט צו טראָגען
אויף דעם מארק פּלאַץ פון די הויכע פענסטער,
דיין ווייך, פארגלאָצט געזיכט
וואָלט אין גאַנצען זיך צושוואומען
אין פרומקייט און הכנעה,
און די הויכגעאַדעלטע,
ענטציקט און ציטערדיג פון פרייד,
וואָלט מיט דיר צוזאַמען
געפאלען אויף דער קניה,
און איהרע אויגען, זעליג שטראַהלענדיג,
זיי וואָלטען צוגעזאָגט דיר א געהאלט
פון הונדערט טהאַלער פּרייסישע אין זילבער,
און דו וואָלסט דיר געשטאַמעלט מיט פארלעגטע הענד:
„געלויבט איז יעזוס קריסטוס!“

# צווייטער ציקלוס.

מאָטאָ: קסענאָפאָנס אַנאַבאַזיס, IV. 7.

1.

## ים-גערוס.

טהאַלאַטאַ! טהאַלאַטאַ!
זיי מיר געגריסט, דו אייביגער ים!
זיי מיר געגריסט צעהנטויזענד מאָל
פון מיין גאַנצען הארצען,
ווי ס'האָבען דיך אמאָל באַגריסט
צעהנטויזענד גריכענהערצער,
מיט דעם אומגליק קעמפענדיגע,
צו דעם היימלאַנד בענקענדיגע,
וועלטבאַריהמטע גריכענהערצער.

עס האָבען געיאָגט זיך די כוואַליעס.
געיאָגט און געברויזט,
און ס'האָט די זון געגאָסען
מיט שפּיעלענדיגע ראָזאָווע שטראַהלען.
און גאַנצע מחנות מעוועז,
האָבען געפלאַטערט שרייענדיג הויך אויפ'ן קול,
און ס'האָבען געיאָגט זיך די פערד,
און ס'האָבען געקלונגען די שילדען,
און ווייט און ברייט האָט אָפּגעשאַלט
דער זיעג-געשריי:
„טהאַלאַטאַ! טהאַלאַטאַ!"

זיי מיר געגריסט דו אייביגער ים,
דיין וואסער רוישט מיר ווי די שפּראַך פון מיין היים.
ווי חלומות פון מיין קינדהייט,
זעה איך דאָרט גלאנצען
אויף דיינע שטורעמדיגע כוואַליעס.
אַז אַלטע עראינערונג דערצעהלט מיר אויף ס'ניי,
פון אַלע, יענע ליעבע קינדער שפּיעלען,
פון אַלע יענע בלאַנקענדיגע ווייהנאַכט מתנות,
פון אַלע יענע רויטע קאָראַלענבוימער,
גאָלדפישלעך, פּעריל און בונטע מושלען
וואָס דו באַהאַלסט געהיימניספול,
דאָרט אונטען אין קלאָרען קריסטאַלענעם הויז.

אוי, ווי האָב איך געשמאַכט אין דער פרעמד,
גלייך ווי א בלום, וואָס וועלקט,
אין דעם באָטאַניקערס בלעכערנעם שאַכטעל,
אזוי איז געלעגען מיין הארץ אין דער ברוסט.
מיר איז, ווי כ'וואָלט א גאַנצען ווינטער קראַנק געווען,
און וואָלט געזעסען אין א טונקלער שטוב פון א קראַנקען,
און פּלוצלינג האָב איך זי פּאַרלאַזען,
און בלענדענדיג שטראַהלט מיר אַקעגען
דער זשמאַראַגדענער פריהלינג, געוועקט פון דער זון,
און ס'רוישען די ווייסע צובליהטע בוימער,
און די יונגע בלומען קוקען מיך אַן,
מיט פּיעלפּאַרביגע, דופטיגע אויגען,
און עס שמעקט, און זשומט און אָטעמט און לאַכט
און אין בלויען הימעל זינגען די פייגעל —
טהאַלאַטאַ! טהאַלאַטאַ!

דו מוטיג האַרץ מיינס!
ווי אָפט, ווי ביטער אָפט
האָבען דיך פאַרשטויסען די באַרבאַרינס פון צפון!

פון גרויסע, זיגענדע אויגען
האבען זיי געשאסען מיט ברענענדיגע פיילען;
מיט קרום געשליפענע ווערטער
האבען זיי געסטראשעט צו שפאלטען דיר די ברוסט,
מיט קיילשריפט־בילעטען האבען זיי מיר צוהאקט
דעם ארימען, פארטויבטען מוח —
אומזיסט האב איך באשיצט זיך מיט מיין שילד,
די פיילען האבען געשיפעט,
די קלעפ האבען אפגעקלונגען,
און פון די בארבארינס פון צפון
ביז איך פארשטויסען געווארען צום ים —
און פריי אויפאטעמדיג באגריס איך דעם ים,
דעם ליעבען, רעטענדיגען ים:
טהאלאטא! טהאלאטא!

2.

## געוויטער.

שווער ליגט אויף דעם ים דער געוויטער
און דורך דער שווארצער וואלקענוואנד,
לויפט דורך דער עקיגער בליץ־שטראהל,
שנעל אויפלייכטענדיג און שנעל פארשווינדענדיג,
ווי א וויץ פון קראניאנס קאפ.
ווייט און ברייט איף דעם וויסטען, שטורמיגען וואסער,
קייקלען זיך די דונערען,
און ס'שפרינגען די ווייסע וועלען־פערד,
וואס בארעאס האט אויף דער וועלט געבראכט,
מיט עריכטאנס חנ'עוודיגע שקאפעס,
און מורא'דיג פלאטערן די ים־פייגעל,
ווי מתים שאטענס ביים סטיקס,
וואס כאראן האט פארוויזען פון נאכטיגען שיפעל.

אָרים, לוסטיג שיפעל קליינס,
וואָס טאַנצט דאָרט ארום זיין שרעקליכען טאַנץ!
עאָלום שיקט איהם די פלינקסטע יונגען,
וואָס שפּיעלען אויף ווילד צום פרעהליכען טאַנץ.
איינער שפּיעלט, א צווייטער בלאָזט,
א דריטער רייבט אויף דעם באָס —
און דער וואַקעלדיגער שיפער שטעהט ביים רודער,
און קוקט כסדר אויף דעם קאָמפּאַס,
דער ציטערדיגער נשמה פון דעם שיף,
און הויבט די הענד אויף מיט א תפלה צום הימעל:
„אָ, קאַסטאָר, רעטע מיך דו ריעזיגער העלד,
און דו, קעמפער מיט דער פויסט, פּאָלידייקעס!“

3.

## דער שיפבּרוכיגער.

האָפנונג און ליעבע! אלעס צושמעטערט!
און איך אליין גלייך ווי א מת,
וואָס דער ים האָט איהם ארויסגעוואָרפען,
ליג איך ביים ברעג,
ביים וויסטען, פּוסטען ברעג,
פאר מיר שטורעמט דער וואסער־מדבר,
הינטער מיר ליגט נאָר צער און עלענד,
און איבער מיר ציהען די וואָלקענס,
די פאָרמלאָז גרויע טעכטער פון דער לופט,
וואָס שלעפּען מיט נעבעל־איימערס
פון ים דאָס וואסער,
און שלעפּען עס מיט גרויסער מיה,
און שלעפּען און שלעפּען
און גיסען עס צוריק אין ים אריין.

אַז אומעטיגע, לאַנגווייליגע אַרבייט,
און נוצלאָז פּונקט ווי מיין לעבען.

די כוואַליעס מורמלען, די מעוועס שרייען,
אַלטע עראינערונגען וועהען מיך אָן,
פאַרגעסענע חלומות, אָפּגעמעקטע בילדער,
פּיינפול זיסע, שווימען אַרום.

עס לעבט אַ פרוי אין צפון.
אַ שענע פרוי, קעניגליך שען.
דער שלאַנקער ציפּרעסען גוף,
איז איינגעהילט אין אַ דין, ווייס געוואַנד ;
די שוואַרצע געדיכטע לאָקען,
ווי אַ זעליגע נאַכט
גיסען זיי זיך פון דעם מיט צעפּ געקרוינטען קאָפּ,
רינגלען טרוימעריש זיס
אַרום דאָס זיסע, בלאַסע פּנים ;
און פון דעם זיסען, בלאַסען פּנים,
שטראַהלט גרויס און געוואַלטיג אַן אויג,
ווי אַ שוואַרצע זון.

אָ דו, שוואַרצע זון, וויפיעל מאָל,
האָב איך פון דיר געטרונקען
די ווילדע פלאַמען פון באַגייסטערונג,
און בין געשטאַנען, און געוואַקעלט זיך
שכור פון פייער —
דאַן האָט אַרום די הויך צועפּענטע ליפּען
געשוועבט אַ שמייכעלע, מילד ווי אַ טויב.
און די הויך צועפּענטע ליפּען,
האָבען אַרויסגעהויכט ווערטער, זיס ווי לבנה־שיין,
און צאַרט ווי דער ריח פון רויזען —
און מיין נשמה האָט זיך אַ הויב געטאָן,
און געפלויגען, ווי אַן אָדלער אַרויף צום הימעל !

שווייגט איהר כוואַליעס און מעוועז!
פארביי איז אלץ, גליק און האָפענונג,
האָפענונג און ליעבע! איך ליג אויף ד'ערד,
אַ וויסטער, שיפבּרוכיגער מענש,
און פרעס מיין גליהענדיג פנים,
צום פייכטען זאמד.

4.

## זון-אונטערגאנג.

די שענע זון
לאָזט רוהיג זיך אראָפּ אין ים;
דאָס כוואַליענדיגע וואסער איז שוין געפארבט
פון דער טונקעלער נאכט,
נאָר בלויז די אַבענדרויטקייט
באשיט עס מיט גאָלדענע שטראהלען,
און דער רוישענדיגער צופלוס
שטופּט צום ברעג די ווייסע כוואַליעס,
וואָס שפּרינגען שנעל און לוסטיג,
ווי קוטשערעווע לעמער־טשערעדעס,
וואָס דער פאסטוך טרייבט אַ זינגענדיגער
פארנאכט אהיים.

„ווי שען איז די זון!"
אזוי האָט נאָך אַ לאנגען שווייגען געזאָגט דער פריינד,
וואָס האָט מיט מיר שפּאַציערט ביים ברעג,
און האלב אין שפּאס און האלב אין טרויער,
האָט ער מיר פארזיכערט: די זון איז
אַ שענע פרוי, וואָס האָט געהייראט
מיט דעם ים־גאָט;
דעם גאנצען טאָג שפּאַציערט זי זיך ארום
אין הויכען הימעל, געפּוצט אין פּורפּור

און בליצענדיג פון דימענטען,
פון אלעמען געליעבט, פון אלעמען באוואונדערט
און אלע וועלט־באשעפענישען
דערפרעהט זי מיט איהר ליכט און מיט איהר ווארעמקייט;
פארנאכט אבער קעהרט זי זיך אום א טרויעריגע
צו איהר נאסער היים, אין די פוסטע ארעמס
פון איהר גרייז גרויען מאן.

„גלויב עס מיר" — האט דער פריינד געזאגט,
און געלאכט און געוויינט און ווידער געלאכט —
„זיי פיהרען דארטען אונטען א צערטליך לעבען!
אדער זיי שלאפען, אדער זיי קריגען זיך
אזוי אז דא אויבען קאכט אויף דער ים,
און דער שיפער הערט אין גערויש פון די וועלען,
ווי דער אלטער זידעלט זיין ווייב:
„דו קיילעבדיגע, שטראהלענדיגע זונה
פון דער גאנצער וועלט!
דעם גאנצען טאג גליהסטו פאר אנדערע,
און ביינאכט פאר מיר ביזטו פראסטיג און מיד!"
פארשטעהט זיך, אז נאך אזא מוסר דרשה,
צעוויינט זיך די שטאלצע זון און קלאגט אויף איהר עלענדקייט,
און קלאגט אזוי שטארק און אזוי לאנג,
אז דער ים־גאט שפרינגט פארצווייפעלט פון בעט ארויס,
און שווימט שנעל ארויף אויף דער ים־פלאך,
צו כאפען אביסעל לופט און בארוהיגונג.

„אזוי האב איך איהם לעצטע נאכט אליין געזעהן.
ער האט ארויסגעשטעקט פון וואסער ביז דער ברוסט,
געטראגען האט ער א קאפטעל פון געלען פלאנעל,
און א ליליענווייסע שלאפמיץ,
און אן אפגעוועלקט געזיכט."

5.

## דאָס געזאַנג פון די אקעאַנידען.

אבענדליך בלאַסער ווערט דער ים,
און איינזאַם, מיט זיין איינזאַמער נשמה,
זיצט דאָרט א מאַן אויף דעם פוסטען זאַמד,
און קוקט מיט א טויטען בליק
ארויף צום ווייטען, טויט־קאַלטען הימעלבויג,
און קוקט אויף דעם ווייטען, כוואַליענדיגען ים. —
און איבער דעם ווייטען, כוואַליענדיגען ים,
שיפען זיך זיינע זיפצען געיאַגט פון ווינד,
און קומען צוריק פאַר'צרה'טע,
און געפינען דאָס הארץ פאַרשלאָסען,
וואו זיי ווילען אנקערן. —
און ער זיפצט אזוי הויך, אז די ווייסע מעווען,
באַפען זיך אויף פון זייערע זאַמדיגע נעסטען,
און פלאַטערען ארום איהם מחנות'ווייז,
און ער רעדט צו זיי די לאַכענדיגע ווערטער:

„שוואַרצפיסיגע פייגעל,
מיט ווייסע פליגעל, איבער'ן ים פליהענדיגע,
מיט קרומע שנאָבלען וואַסער זויפענדיגע,
און ים הינט פרעסענדיגע,
אייער לעבען איז ביטער, ווי אייער נאַהרונג איז ביטער!
איך אָבער גליקליכער לאָב זיך נאָר מיט זיסע זאַכען.
איך לאָב זיך מיט דעם ריח פון רויזען,
אויף נאַכטיגאַלען געשפּייזט פון לבנה־שיין;
איך לאָב זיך מיט נאָך זיסערע צוקער־געבעקס,
געפילט מיט געשלאָגענעם שמאַנט;
און איך לאָב זיך מיט דעם זיסעסטען —
זיסע ליעבע און זיס געליעבט־זיין.

„זי האָט מיך ליעב!
זי האָט מיך ליעב, דאָס שענע מיידעל!
איצט שטעהט זי ביי זיך אין דער היים אין אַלקער,
און קוקט ארויס אין דער דעמערונג צום וועג,
און האָרכט און בענקט נאָך מיר — ווירקליך!
אומזיסט קוקט זי אומעטום און זי זיפצט,
און זיפצענדיג געהט זי אראָפּ אין גאָרטען,
און שפּאַציערט ארום אין דופט און לבנה־שיין,
און רעדט מיט די בלומען, דערצעהלט זיי,
ווי איך, דער געליעבטער, בין אזוי ליעבליך,
און אזוי ליעבענסווירדיג — ווירקליך!
דערנאָך אין בעט, אין שלאָף, אין חלום,
האלזט זי א גליקליכע מיין טייער בילד,
זאָגאר אין דער פריה ביים אָנבייסען,
אויף דעם גלאנצענדיגען ברויט מיט פוטער,
זעהט זי מיין שמייכעלדיג פּנים
און זי פרעסט עס אויף פאר ליעבשאפט — ווירקליך!"

אזוי באריהמט ער זיך און באריהמט זיך,
און דערצווישען שרייען די מעוועז,
מיט א קאלט און איראָניש געלעכטער,
די פארנאַכטיגע נעבלען הויבען זיך אויף;
פון די וויאָלעטע וואָלקענס קוקט אונהיימליך
ארויס די גראָז־געלע לבנה!
די כוואַליעס פון ים צורוישען זיך הויך אויפ'ן קול,
און טיעף פון די רוישענדיגע כוואַליעס,
און טיעף פון דעם רוישענדיגען ים
קלינגט אומעטיג ווי א שעפּטשענדיגער ווינד,
דער געזאנג פון די אָקעאַנידען,
די שענע, מיטליידיגע וואסער־פרויען,
און העכער פון אלע הערט מען די ליעבליכע שטים,
פון פּעלעאוס'עס זילבערפיסיגע פרוי,

און זיי זיפצען און זינגען:

„אוי נאַר, דו נאַר, באַריהמערישער נאַר!
וואָס דו ביזט פול מיט פּיין!
טויטע זענען אַלע דיינע האָפנונגען,
און אַך, דיין הארץ פּונקט ווי ניבאָן'ס הארץ,
פארשטיינערט איז עס פון צרות!
אין דיין קאָפּ ווערט נאַכט,
און דאַרטען בליצען די בליצען פון שגעון,
און דו גרויסט זיך פון שמערצען!
אוי נאַר, דו נאַר, באַריהמערישער נאַר!
דו ביזט אַן עקשן און ווי דיין פאַרגעננגער,
דער הויכער טיטאַן, וואָס האָט דאָס הימלישע פייער
גע'גנב'עט פון די געטער
און עס געגעבען די מענשען.
און געפּייניגט פון אַדלערס, געשמידט צו אַ פעלז,
האָט ער געטראָצט די געטער, געטראָצט און געזיפצט,
אז מיר האָבען עס געהערט אין ים,
און מיר זענען געקומען צו איהם
מיט טרייסט־געזאַנגען.
אוי נאַר, דו נאַר, באַריהמערישער נאַר!
דו אָבער ביזט נאָך אָהנמעכטיגער,
און ס'וואָלט געווען שכל'דיג, ווען דו גיסט אָפּ כבוד די געטער,
און טראָגסט געדולדיג די לאַסט פון דיין עלענד,
און טראָגסט געדולדיג אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג,
ביז אַטלאַס אַליין פאַרלירט זיין געדולד
און כאַפּט די שווערע וועלט פון זיינע פּלייצעס,
און וואַרפט זי אַראָפּ
אין דער אייביגער נאַכט אריין.“

אַזוי האָט געקלינגען דער געזאַנג פון די אָקעאַנידען,
די שענע, מיטליידיגע וואַסער־פרויען,
ביז די כוואַליעס האָבען איהם פאַרשריען. —

די לבנה האָט זיך באהאלטען הינטער די וואָלקענס,
די נאַכט האָט געגעניצט,
און איך בין נאָך לאנג געזעסען אין דער פינסטער
און געוויינט.

## 6.

## די געטער פון גריכענלאנד.

פולבליהענדע לבנה! אין דיין ליכט
ווי פליסענדיג גאָלד גלאנצט דער ים;
און ווייט שפּרייט זיך דער ברעג פון ים,
קלאָר ווי דער טאָג, דאָך מיט אַ אבענד־צויבער;
און אויפ׳ן העלבלויען הימעל אָהן שטערען
שוועבען די ווייסע וואָלקענס,
ווי ריעזיגע בילדער פון געטער
פון ליכטיגען מארמאָר.

ניין, דאָס זענען קיינמאָל נים קיין וואָלקענס!
דאָס זענען זיי אליין, די געטער פון העלאַס,
וואָס האָבען אמאָל די וועלט אזוי פריידיג באהערשט,
און איצט, טויט און פארגעסען,
ציהען זיי אין א ריעזיגען גייסטער־צוג
אויף דעם הימעל פון מיטען נאַכט.

כ׳האָב געקוקט ארויף, ערשטוינט און געבלענדט,
צום לופטיגען פּאַנטעאָן,
זיי ציהען פייערליך, שווייגענדיג און שרעקליך,
די ריעזען געשטאַלטען.
אָט איז קראָניאָן, דער קעניג פון הימעל,
מיט לאָקען ווייסע ווי שניי,

די באַריהמטע לאָקען, וואָס פלעגען אַלימפּוס אויפטרייסלען.
ער האַלט אין דער האַנט דעם פאַרשלאָסענעם בליץ,
אין זיין געזיכט ליגט אומגליק און טרויער.
און דאָך אַלץ דערזעלבער אמאָליגער שטאָלץ.
יא, בעסערע צייטען געוועזן, אַ צעאוס,
צייטען פון הימלישען פאַרגניגען
פון יונגלינגען, נימפען, און העקאַטאָמבען!
נאָר אויך די געטער רעגירען ניט אייביג,
די יונגע פאַרטרייבען די אַלטע,
ווי דו אַליין האָסט דיין גרייז־גראָהען פאָטער
און דיינע פעטערס־טיטאַנען פאַרטריבען,
יופּיטער פּאַטערמערדער!
אויך דיך דערקען איך, שטאָלצע יונאָ!
אומזיסט דיין איפּערזיכטיגער אנגסט,
דער סצעפּטער איז אין דער האַנט פון וואַנדערער,
דו ביזט שוין נימ מעהר קעניגין פון הימעל,
און דער בליק פון דיינע גרויסע אויגען איז שטאַר,
און דיינע ליליענאָרעמס זענען אָהן קראַפט.
און קיינמאָל קען דיין ראַכע ניט טרעפען
די היילינע יונגפרוי, גאָט׳ס מוטער,
און גאָט׳ס זוהן, וואָס טוט וואונדער.
אויך דיך דערקען איך, פּאַלאַסאַטהענאַ!
האָט דען דיין קלוגשאַפט, האָט דען דיין שילד
פאַרהיטען די געטער ניט געקענט?
אויך דיך דערקען איך, אויך דיך, אַפראָדיטאַ,
אמאָל אַ גאָלדענע, איצט אַ זילבערנע!
דיין גאַרטעל פון ליעבע באַציערט דיך נאָך איצט ווי אמאָל,
נאָר איך ציטער אין געהיימען שרעק פאַר דיין שענהייט,
און וואָלסטו מיך באַגליקט מיט דיין לייב,
ווי אנדערע העלדען, — כ׳וואָלט געשטאָרבען פאַר שרעק!
ווי אַ געטין פון טויטע ערשטוינסטו מיך,
ווענוס ליביטינאַ!

מיט אויגען פארליעבטע קוקט מעהר ניט אויף דיר
דער שרעקליכער ארעס.
דער יונגער פעבוס אפאלא קוקט
אזוי טרויעריג, און עס שווייגט זיין לירע,
וואס פלעגט אזוי פריידיג קלינגען אויף די פעסטען פון געטער.
נאך טרויעריגער קוקט העפאאיסטאס,
און ווירקליך, דער הינקענדיגער וועט שוין קיינמאל ניט
פארבייטען מעהר העבען
און שנעל פארטיילען אין דער געטער פארזאמלונג
דעם ליעבען נעקטאר, — ס'האט לאנג שוין אויפגעהערט
דער אונאויפהערליכער געטערגעלעכטער.

איך האב אייך קיינמאל ניט געליעבט, איהר געטער!
ווייל אונאנגענעהם זענען מיר די גריכען,
און אפילו די רוימער קען איך ניט פארטראגען.
דאך הייליגע דערבארמונג, ציטריגע מיטלייד
שטראמט דורך מיין הארץ,
ווען איך זעה אייך דארט אויבען איצט,
פארלאזענע געטער,
טויטע, נאכטוואנדלענדע שאטענס,
שוואך ווי דער נעבעל, געריסען פון ווינט.
און ווען איך דערמאן זיך, ווי פייג און ווינטיג
די געטער זענען, וואס האבען אייך באזיעגט,
די נייע, הערשענדע, טרויריגע געטער,
די בייזע אין א שעפסענפעלץ פון מילדקייט,
דאן פילט מיך אן א צארן און האס,
איך וואלט דאן צובראכען די אלטע טעמפלען
און געקעמפט פאר אייך, אלטע געטער,
פאר אייך און אייערע זיסע, אמבראזישע רעכט;
און פאר אייערע הויכע אלטארען,

די ניי געבויטע, מיט אַפּער דאַמפּענדע,
וואָלט איך אליין געקניהט און געבעטען
און געשטרעקט צו אייך מיינע אָרעמס. —

כאָטש איהר, אלטע געטער, האָט אלעמאָל,
אין אלע שטרייטען צווישען מענשען,
געשטעלט זיך אויף דער זייט פון דעם זיעגער,
נאָר גרויסמוטיגער פון אייך איז דאָך דער מענש,
און אין דעם געטערקאַמף האַלט איך איצט
מיט אייך, איהר באַזיעגטע אלטע געטער.

* * *

אַזוי האָב איך גערעדט, און רויט געוואָרען
זענען אויבען די בלייכע וואָלקענגעשטאַלטען,
ווי שטאַרבענדע האָבען זיי אויף מיר געקוקט,
אין שמערצען געענדערט, און דאַן פּלוצלונג פאַרשוואונדען.
די לבנה האָט זיך פאַרבאָרגען
אין נייע שוואַרצע וואָלקענס,
מיט גערויש האָט דער ים זיך געהויבען,
און אויפ'ן הימעל זענען זיעגרייך ארויס
די אייביגע שטערען.

7.

פ ר אַ ג ע ן.

ביים ים, ביים וויסטען, נאַכטיגען ים
שטעהט א יונגער בחור,
די ברוסט פול אומעט, דער קאָפּ פול צווייפעל
און מיט טרויעריגע ליפּען פרעגט ער די וועלען:

„אָ, לייזט מיר אויף דאָס רעטעניש פון לעבען,
דאָס פּיינפולע אוראלטע רעטעניש
אויף וועלכען ס'האָבען זיך אזוי פיעל קעפּ געבראָכען,
קעפּ אין היראָגליפען היטעלעך,

קעפ אין טורבאנען און אין שווארצע בארעטען,
קעפ מיט פארוקען, און טויזענד אנדערע
ארימע, שוויצענדיגע מענשענקעפ —
זאגט מיר: וואס איז דער מענש?
פון וואנען קומט ער? און וואוהין געהט ער?
ווער וואוינט דארט אויבען אויף די גאלדענע שטערען?"

עס מורמלען די כוואליעס זייער אייביגען געמורמעל
עס וועהט דער ווינד, עס פליהען די וואלקענס,
עס בלאנקען די שטערען גלייכגילטיג און קאלט,
און א נארווארט אויף אן ענטפער.

8.

## דער פעניקס.

עס קומט אן א פייגעלע פון מערב געפלויגען,
עס פליהט צו דעם מזרח,
וואו ס'בליהען די גערטנער מיט בשמים און דופטען,
וואו ס'רוישען די פאלמען און ס'שלאגען די קוואלען —
עס קומט אן דער פויגעל און זינגט:

„זי ליעבט איהם, זי ליעבט איהם!
זי טראגט זיין געשטאלט אין איהר קלייניגקען הארצען,
זי טראגט זיין געשטאלט אין איהר קלייניגקען הארץ,
און ווייס ניט פון דעם!
אין טרוים אבער שטעהט ער פאר איהר,
זי רופט איהם און וויינט און זי קושט זיינע הענד,
און רופט איהם ביים נאמען,
נאר אט וואכט זי אויף, און בלייבט ליגען אין שרעק,
און רייבט זיך פארוואונדערט די אויגען די שענע —
זי ליעבט איהם, זי ליעבט איהם!"

*     *     *

איך בין ביי דעם מאַסטבוים געשטאַנען געלעהנט,
און האָב איינגעהערט זיך צום פייגעל'ס געזאַנג.
ווי שוואַרצגרינגע פערד מיט די זילבערנע גריווען
געראָוישט האָבען ווילד די ווייסקרויזיגע וועלען;
עס זענען ווי מחנות פון שוואַנען פאַרביי
געשוואָומען מיט זעגלען די העלגעלאַנדער.
די דרייסטע נאָרמאַדען פון צפון־ים!
און איבער מיין קאָפּ אין דער אייביגער בלויקייט,
די ווייסינקע וואָלקענדלאַך האָבען געפלאַטערט
און לויטער געברענט האָט די זון,
די רויז פון דעם הימעל די פייערצובליהטע.
און האָט זיך געשפּיגעלט אין ים.
און הימעל און ים און מיין אייגען האַרץ
זיי האָבען געזונגען אין כאָר מיט'ן פויגעל:
„זי ליעבט איהם, זי ליעבט איהם!"

9.

## ים-קראַנקהייט.

די גרויע נאָכמיטאַג וואָלקענס
זינקען אַלץ טיעפער אַראָפּ אויפ'ן ים,
וואָס שטייגט אַרויף צו זיי פינסטער;
און צווישען זיי יאָגט אַ שיף.

פון ים קראַנקהייט לייד איך, איך זיץ אַלץ ביים מאַסטבוים
און מאַך אַלץ באַטראַכטונגען איבער מיר אַליין,
אוראַלטע, אַש־גרויע באַטראַכטונגען,
וואָס פאָטער לוט האָט שוין געמאַכט,
ווען ער האָט צופיעל וויין געטרונקען,
און ס'האָט איהם נאָכדעם אַזוי שטאַרק געאיבעלט.
איך דערמאָן זיך אויך אַנדערע אַלטע געשיכטען:
ווי אַמאָליגע פּילגער און טרעגער פון קרייץ

האָבען אין ים־שטורעמס דאָס טרײסטענדע בילד
פון דער הײליגער יונגפרוי גלױביג געקושט;
װי קראַנקע ריטער, אױך אַזױ אױפ׳ן ים,
האָבען זיך דערמיט געטרײסט, װאָס זײ האָבען
געקושט זײער דאַמע׳ס טײערע הענדשקע, —
איך אָבער זיץ און קײ מיט פאַרדרוס
אַן אַלטען הערינג, דעם זאַלציגען טרײסטער
אין יעדער באַטרונקענהײט און הינטישען װעה!

און ס׳ראַנגעלט זיך דערװײל דאָס שיף
מיט די צאָרניגע, שטורמיגע װעלען.
אַט שטעלט עס זיך אױף, װי אַ שלאַכטפערד אַ װילדער,
אױף די װעלען גאָר הויך, אַז דער רודער קראַכט.
און אַט װאַרפט עס זיך װידער מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ
אין אפּגרונד פון ברומענדען װאַסער.
דאַן װידער, װי זאָרגלאָז און מיעד פון ליעבע,
װיל עס זיך אָפּרוהען לײגען
אױף דער שװאַרצער ברוסט פון אַ ריעזיגער װעל,
װאָס קומט אָן מיט אַ מעכטיגען געראױש,
און פּלוצלונג — אַ שטורמיגער ים־װאַסערפאַל
גלײך אױף אונז מיט אַ קאָכען און זידען,
און באַדעקט מיך אײנגאַנצען מיט שוים.

אַט דאָס שטרױכלען און שװעבען און שאָקלען
איז אונערטרעגליך!
אומזיסט זוכט מײן בליק אין דער װײט
דעם דײטשען ברעג, ער דערזעהט ניט קײן זאַך,
אױסער װאַסער און װאַסער און װאַסער!

װי דער װאַנדערער אין אַ װינטער אָבענד בענקט
נאָך דעם גוטען װאַרימען טעע אין דער הײם,
אַזױ בענקט איצט מײן האַרץ נאָך דיר,
מײן דײטש פאַטערלאַנד!

און מעג דיין ליעבע ערד באדעקט זיין
מיט וואהנזין, הוזארען, שלעכטע פערזען
און לעבליכע קליינע טראַקטאַטען:
און מעגען דיינע שלאנקע זעבראַס
נאר רויזען עסען, אנשטאַט גראַז:
און מעגען נאָך אַלץ דיינע נאָבעלע אַפען
אין נארישען פוץ און גלאַנץ שטאָלצירען
און האלטען זיך בעסער פון אַלע אנדערע
שווער באלאָדענע, נארישע, באַהאַרטע חיות:
און מעג נאָך אַלץ דיין שנעקענפאַרזאַמלונג
זיך האלטען פאַר אונשטערבליך,
ווייל זי קריכט פאַרוועַרטס אַזוי לאַנגזאַם,
און מעג זי זאַמלען טעגליך שטימען,
צי ס'געהערט ניט די ווערים פון קעז דער קעז
און מעג זי נאָך לאַנגע באראַטונגען האָבען,
ווי צו פאַרלאַזען עגיפּטישע שאָף,
אַז דער וואָל זאָל זיין בעסער,
און דער הירט זאָל זיי קענען שערען ווי אַנדערע,
אָהן אונטערשיד, —
יא, מעג נאָך אַלץ נארישקייט און אומרעכט
דיך איינגאַנצען באדעקען, אָ, דייטשלאַנד!
דאָך בענקט איצט מיין האַרץ נאָך דיר:
ווייל וועניגסטענס ביזטו דאָך פעסטע ערד.

## 10.

## אין האַפען.

גליקליך איז דער, וואָס האָט דערגרייכט דעם האַפען,
וואָס האָט געלאָזען הינטער זיך דעם ים, די שטורעמס,
און איצט וואַרעם און רוהיג זיצט ער
אין ראַטסקעלער אין ברעמען.

װי פרײנדליך, װי ליעבליך די װעלט
שפּיגעלט זיך אָב אין א גלאָז רהײנװײן!
װי זוניג דער מיקראָסקאָפּ פּליסט אראָב
אין װעלען אין דאָס דורשטיגע האַרץ!
אַלץ דערזעה איך אין גלאָז,
אַלטע און נײע פעלקער־געשיכטע,
טערקען און גריכען, העגעל און גאַנז,
ציטראָנענװעלדער און װאַך־פּאַראַדען,
בערלין און שילדא און טונים און האַמבורג,
נאָר פריהער פון אַלץ דאָס בילד פון דער געליעבטער,
איהר מלאך קעפּעל אויפ׳ן גאָלדיגען גרונד פון רהײנװײן.

אָ, װי שען! װי שען ביזטו, געליעבטע!
דו ביזט װי א רויז!
ניט װי די רויז פון שיראָס,
די פון האַפיז באַזונגענע נאַכטיגאַל־כּלה!
ניט װי די רויז פון שרון,
די הײליג רויטע, העררליכע רויז פון די נביאים; —
דו ביזט װי די רויז אין ראַטסקעלער פון ברעמען.
דאָס איז די רויז פון רויזען,
װאָס עלטער זי װערט, אַלץ שענער צובליהט זי זיך.
און איהר הימעלשער דופט, ער האָט מיך באַגליקט,
ער האָט מיך באַגײסטערט, ער האָט מיך באַרוישט.
און װען דער ראַטסקעלער־װירט װאָלט מיך ניט געהאַלטען
פעסט בײ מײנע האָר,
װאָלט איך זיך איבערגעקערט!

דער בראַװער מענש! מיר זענען צוזאַמען געזעסען,
געטרונקען װי ברידער,
גערעדט פון הויכע, געהײמניספולע זאַכען,
געזיפצט און געפאַלען זיך אין די אָרעמס,
און ער האָט מיך באַקערט צום גלויבען פון ליעבע.

איך האָב געטרונקען פאַר דעם וואוילזיין פון די
ביטערסטע פיינד,
און אַלע שלעכטע פּאָעטען האָב איך פאַרגעבען,
ווי ס'זאָל מיר אַליין אַמאָל פאַרגעבען זיין.
איך האָב אין עהרפורכט געוויינט, און ענדליך
האָבען זיך פאַר מיר געעפענט די טירען פון רעטונג,
וואו די צוועלף אַפּאָסטאָלען, די הייליגע פּאַטערס,
פּרעדיגען שווייגענדיג, און דאָך אַזוי פאַרשטענדליך
פאַר אַלע פעלקער.
דאָס זענען מענשען!
ניט אָנצוזעהן פון דרויסען, אין הילצערנע רעק,
זענען זיי פון אינוועניג שענער און גלענצענדער
פון אַלע שטאָלצע לויים פון בית־מקדש
און פון הורדוס'עס לייב־וואַך און זיינע הויפליים,
מיט גאָלד באַציערטע, אין פּורפּור געקליידטע.
האָב איך דאָך אַלעמאָל געזאָגט,
ניט צווישען געוועהנליכע, איינפאַכע מענשען,
ניין, אין דער גאָר בעסטער געזעלשאַפט
לעבט שטענדיג דער קעניג פון הימעל.

הללויה! וואָס פאַר אַ ליעבליכע קיהלקייט
וועהט אַרום מיר פון די פּאַלמען פון בית אל!
ווי די מירטען פון חברון דופטען!
ווי דער ירדן רוישט און וויגט זיך פאַר פרייד!
אויך מיין אונשטערבליכע זעל וויגט זיך.
און איך וויג זיך מיט איהר, און זיך וויגענדיג,
ברענגט מיך אַרויף די טרעפּ, אין ליכט פון טאָג,
דער וואוילער ראַטסקעלער־ווירט פון ברעמען.

דו וואוילער ראַטסקעלער־ווירט פון ברעמען!
דו זעהסט — אויף די דעכער פון הייזער זיצען
מלאכים און זענען באַטרונקען און זאָגען;

די גליהענדע זון דארט אויבען
איז נאָר א רויטע באַטרונקענע נאָז,
די נאָז פון דעם וועלטגייסט;
און ארום דער רויטער נאָז פון דעם וועלטגייסט
דרעהט זיך די גאנצע באַטרונקענע וועלט.

## 11.
## עפּילאָג.

ווי אויפ'ן פעלד די ווייצענע זאנגען,
אזוי וואקסען און פאַליען אין מענשליכען גייסט
די געדאנקען.
אָבער די צארטע געדאנקען פון ליעבע,
זענען ווי רויטע און בלויע בלומען,
וואָס בליהען פרעהליך צווישען זיי.

רויטע און בלויע בלומען!
דער בייזער שניטער פאַרוואַרפט אייך אלס נישטיג,
הילצערנע דרעשערס צודרעשען אייך מיט שפּאָט;
אפילו דער אָרימער וואַנדערער,
וועמען איהר קוויקט מיט אייער שען אויסזעהן
שאָקעלט דעם קאָפּ,
און רופט אייך ווילדע קרייטיכער.
אָבער דאָס דאָרפישע מיידעל,
די קראַנצעננבינדערין,
גיט אייך אָפּ כבוד און רייסט אויך אוים,
און ציערט מיט אייך די שענע לאָקען,
און אזוי געציערט איילט זי צום טאַנץ־פּלאַץ,
דאָרט וואו עס קלינגען פלייטען און פידלען,
אָדער גאָר צום שטילען בוים,
וואו די שטימע פון געליעבטען,
קלינגט נאָך ליעבליכער
פון פלייטען און פידלען.

# דאָס בוך פון ליעדער

איז איבערזעצט אונטער דער רעדאקציאָן פון

ר. אייזלאַנד.

# באמערקונגען.

זייט 32 רינאַלדאָ רינאַלדיני, שינדערהאַנאַ, אַרלאַנדיני — העלדען פון דריי אַזוי גערופענע „רויבער ראָמאַנען“, וואָס זענען ערשינען אין אָנהויב 19טען יאהרהונדערט. קאַרל מאָר איז דער הויפּט העלד אין שילער׳ס „רויבער“.

„ 34 מאָרטימער — אַ העלד אין שילער׳ס „מאַריאַ סטואַרט“.

„ 81 פּאַדערבאָרנער סטעפּ — אַ געגענד אין וועסטפאַלען.

„ 122 גימפּעל — האָט אין דייטש צוויי באַדייטונגען: אַ פויגעל און אַ נאַר. אין אָריגינאַל איז דאָס אַ וואָרטשפּיעל.

„ 124 לאָרעליי — אַ נימף אין טייך רהיין.

„ 155 סאַנסקריט — די הייליגע שפּראַך אין אינדיען.

„ 160 וויסוואַמיטראַ און וואַסישטאַ׳ס קוה — אַן אינדישע לעגענדע דערצעהלט, אַז ביי דעם בעל תשובה וואַסישטאַ איז געווען אַ וואונדערליכע קוה, וואָס האָט געקענט געבען מענשען אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געקענט פאַרלאַנגען. דער קעניג וויסוואַמיטראַ האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אום אָבצונעמען די קוה ביי וואַסיטשאַ, אָבער די קוה האָט אַליין געהאָלפען איהר בעל הבית אַנטקעגען דעם קעניג.

„ 178 די סאַלאַמאַנקאַ פּאַרטען — אין געטינגען.

„ 224 סאָל — דער זון־גאָט.

„ „ לונאַ — די לבנה.

„ 226 עדאַ — זאמלונגען פון סקאַנדינאַווישער מיטאָלאָגיע, העלדענליעדער און פאָלקלאָר.

„ 228 פּאָסיידאָן (נעפּטונוס ביי די רוימער) — דער גאָט פון מיטעללענדישען ים.

„ „ העלאַס — גריכענלאַנד.

„ „ לאַערטעס — אַן אַלטגריכישער קעניג, דער פאָטער פון אָדיסיי.

„ 229 פּאָליפעמוס — אַ מאָנסטער מיט איין אויג אין שטערן. ער האָט געפאַנגען אָדיסיי׳ען, אָבער דער לעצטער האָט אויסגעברענט זיין אויג און איז פון איהם אנטלאָפען.

„ „ פּאַלאַס אַטהענאַ — די געטין פון וויזהייט און מאַכט, די באַשיצערין פון ערד־אַרבייט.

זייט 229 **אמפיטריטאַ** — ים־געטין, טאָכטער פון אָקעאַנוס, און פּאָסיידאָן׳ס פרוי.

" " **נערעאוס** — אַ ים־גאָט, וואָס האָט געקענט פאַראויסזאָגען די צוקונפט.

" 231 **עטנאַ** — אַ וואולקאַנישער באַרג, אונטער וועלכען מען האָט געברענט דעם ריעז טיפאָן, וואָס האָט געאָטעמט מיט פייער.

" 242 **שפּריי** — דער טייך ביי בערלין.

" 244 **טאַלאַטאַ** — ים אין גריכיש.

" 246 **באָרעאָס** — דער נאָמען פון נאָרד־ווינט, וואָס האָט געבלאָזען פון די היפּערבאָרעאישע בערג.

" " **עריכטאָן** — זוהן פון העפאעסטוס און געאַ (ערד), צוזאַמען מיט אַטענאַ באשיצער פון אַגריקולטור.

" " **סטיקס** — באריהמטער טייך פון דער אונטערוועלט.

" " **כאַראָן** — דער זוהן פון נאָקס און ערעבוס, גאָט פון דער אונטערוועלט, וואָס פלעגט אין אַ שיפעל איבערפיהרען די נשמות פון געשטאָרבענע איבער דעם טייך סטיקס.

" 247 **עאָלוס** — דער הערשער פון שטורמען און ווינטען. ער האָט ערפונדען די זעגלען און איז געווען א גרויסער אַסטראָנאָם. די פּאָעטען האָבען איהם גערופען דער גאָט פון ווינט.

" " **קאַסטאָר** — איינער פון אַ צווילינג, זיהן פון יופּיטער און לעדאַ. האָט זיך אויסגעצייכענט אין אומגעהן מיט פערד.

" 251 **אָקעאַנידען** — ים נימפען, טעכטער פון אָקעאַנוס.

" 252 **פּעלעאוס׳עם זילבערפיסיגע פרוי (טעטיס)** — איינע פון די ים נימפען. פּעלעאוס איז געווען אַ קעניג.

" 253 **אַטלאַס** — איינער פון די ריעזען, דער זוהן פון דעם ריעז יאַפּעטוס. ווערט געמאָלען מיט דעם גלאָבוס אויפ׳ן רוקען, זיין נאָמען באדייט שווערע אַרבייט.

" 255 **צעאוס** — דער רוימישער יופּיטער, דער גאָט איבער געטער.

" " **יונאָ**, די גריכישע הערא — אַ באריהמטע געטין אין אַלטערטום. ווערענדיג יופּיטער׳ס פרוי, איז זי דערמיט געוואָרען די קעניגין איבער אלע געטער און האָט געהערשט איבער הימעל און ערד. זי איז געווען די באשיצערין פון הייראט און פון פרויען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער טוגענדהאַפטער אויפפיהרונג.

" " **אַפראָדיטאַ**, די גריכישע ווענוס — געטין פון ליעבע, געבוירען געוואָרען פון דעם שוים פון ים.

" " **העקאַטאָמבע** — אַ גרויסער קרבן צו די אַלט־גריכישע געטער.

זייט 256 ארעס, דער גריכישער מאַרס — גאָט פון קריעג, אפראָדי־טאַ'ס געליעבטער. ער איז אויך געווען באשיצער פון אג־ריקולטור און שטאַאַט.

" " פעבוס־אַפּאָלאָ — גאָט פון ליכט, לעבען און קונסט, האָט געקאנט פאָראויסזאָגען די צוקונפט. ער האָט זיך אויך גערופען סאָל.

" " העפאַעסטאָס, רוימישער וואולקאן — גאָט פון פויער.

" " העבע — טאָכטער פון יופּיטער און יונאָ, פלעגט פארטיי־לען דעם נעקטאַר צווישען די געטער. זי האָט געקענט אומ־קערען יוגענד און שענקייט.

" 258 פעניקס — אַ לעגענדארישער פויגעל אין עגיפּטען, וואָס פלעגט זיך אַליין פארברענען און ווידער אויפלעבען פון אייגענעם אַש. אַן עמבלעם פון אונשטערבליכקייט און אייביגער ווידעראויפלעבונג.

" 261 שנעקענפארזאמלונג — די נאַציאָנאַלע פארזאמלונג אין פראנקפורט אין 1848.

" 262 גאַנז — באריהמטער דייטשער פראָפעסאָר, אַ שילער פון העגעל.

" " שיראַס — אַ שטאָדט אין פערסיען, באריהמט מיט איהרע רויזען־גערטנער און וויין.

" " האַפיז — באריהמטער פערסישער פּאָעט.

" " די רויז אין ראטסקעלער פון ברעמען — איין טייל פון דעם באריהמטען ראטסקעלער האָט זיך גערופען „די רויז“ און האָט געהאַט וויין, וואָס איז אַלט געווען הונ־דערטער יאָהרען. אַ צווייטער טייל האָט זיך גערופען „דער קעלער פון אפּאסטעלען“, און אין איהם זענען געשטאַנען צוועלף פעסער, אָדער „צוועלף אפּאסטעלען“, אויך מיט זעהר אלטען וויין.

## פעהלער-אויסבעסערונגען.

זייט 26 גיב איב זיך, דארף זיין — גיב איבער זיך...
" 94 פול מיט מוט — פול מיט וואוט.
" 228 דעם זוהן פון לעכטערס — דעם זוהן פון לאַערטעס.
" 255 דעם פארשלאָסענעם בליץ — פארלאָשענעם בליץ.
" " פאַלאסאטהענא — פאַלאַס אַטהענא.
" " ערשטוינסטו מיך — ערשיינסטו מיר.
" 261 באהארטע חיות — באהארנטע חיות.
" " ווי צו פארלאָזען — ווי צו פארבעסערען.
" 262 מיקראסקאָפּ — מיקראָקאָסם.
" 263 די היילינע פאָטערס — די היילינע פעסער.
" " און זאָגען — און זינגען.

# אינהאַלט:



# יוגענד-לידען.

.1817—1821

## טרוימבילדער.



## ליעדער.

## ראָמאַנצען.

# סאָנעטען.

## צו א. וו. פאָן שלעגעל.



### פרעסקאָ-סאָנעטען צו כריסטאַן ס.



# לירישע אינטערמעצא.

### .1822—1823

# דער צוריקעהר אַהיים.

.1823—1824

# די רייזע אויפ'ן הארץ.

1824.



# דער צפון ים.

1825—1826

## ערשטער ציקלוס.



## צווייטער ציקלוס.